# וואלפגאנג מאצארט.
# לודוויק בעטהאווען.

(זייערע קינדער־יאָרן)

באַארבעט ש. ידידאָוויטש. ביבליאָטעק „גרינינקע ביימעלעך"

אַרויסגעגעבן דורך דער צענטראַלער ייד. שול־אָרגאַניזאַציע ווילנע.



זעצעריי פון דער ייד. צענטראַל. שול־אָרגאַניזאַציע. 1921.

װאָלפגאַנג מאָצאַרט, דער באַרימטער דייטשישער קאָמפּאָזיטאָר — איז געבאָרן געוואָרן אין יאָר 1756 אין דער שטאָט זאַלצבורג, וואָס אין עסטרייך. נאָך גאָר אַ קינד איז ער שוין געוואָרן באַוואוסט אין גאַנץ עסט- רייך, דייטשלאַנד, פראַנקרייך, איטאַליע און ענגלאַנד. צו דריי יאָר האָט ער גוט געשפּילט פּאָרטעפּיאַנאָ און אַליין צונויפגעשטעלט שווערע מוזי- קאַלישע ווערק. צו זעקס יאר פארט ער ארויס איבער די גרעסטע שטעט פון אייראפּע, גיט דארט אפּ קאנצערטן און מיט זיין באַגייסטערטן שפּילן רופט ער ארויס אנטציקונג ביי די גרעסטע מבינים אויף מוזיק. אויף זיינע רייזעס פלעגן אים באגלייטן זיין פאטער, אליין א גוטער מוזיקער און קאפּעלמייסטער — און זיין שוועסטער, וועלכע האט אויך געהאט גרויסע מוזיקאלישע פייאיקייטן. אומעטום האט מען זייער הייס באגעגנט די פאמיליע מאצארט; דער הויפּט־העלד איז פארשטייט זיך שטענדיק געוועזן דאס וואונדערקינד וואלפגאנג.

צו 8 יאר גיט וואלפגאנג ארויס זיינע אייגענע קאמפּאזיציעס דאס הייסט, די מוזיקאלישע ווערק, וועלכע ער האט אליין פארפאסט. צו 14 יאר גיט ער אפּ עקזאמען און באקומט דעם העכסטן טיטול אין יענער צייט „קאוואלער פון דער פילארמאנישער אקאדעמיע״.

מאצארט האט פארפאסט 300 מוזיקאלישע ווערק: פאר פּארטעפּיאנאָ פידל, ארקעסטער און אויך אפּערעס.

מאצארט איז געשטארבן זייער יונג — צו 35 יאר, אין־יאר 1791 . ס'ווערט דערציילט, אז זיינער א חבר, סאליערי, האט פון קינאה אים פארסאמט, און מאצארט האט אויף אייביק פארשלאסן די אויגן, זיצנדיק ביים פארטעפיאנע און שפילנדיק די טרויער־ליד „רעקוויאום“ וואס ער אליין האט פארפאסט.

דער גרויסער מוזיקער איז שוין לאנג געשטארבן, אבער זיין מוזיק איז נאך איצטער אויך ניט פארגעסן געווארן און פארשאפט נאך ביזן היום די מענטשן פיל גליק און פארגעניגן.

## דער מוזיקער ווייזט זיך אַרויס.

— נו, גיב נאָר א קוק, אויף וועמען ביסטו ענלאַך, וואָלפ-גאַנגעדל! — האָט געזאָגט פרוי מאָצארט צו איר דריי-יאָריקן זון, אָפּטרייסלענדיק די שטויב פון זיינע בגדים און אויס-גלייכנדיק אויף אים דעם צעקנייטשטן שפּיצן-קעלנערל—זאָג מיר, איך בעט דיך, פון וואַנען נעמט זיך צו דיר אַזוי פיל שטויב אין קאָפּ? ניט לאַנג האָט דאָך דיך די שוועסטער פאַרקאַמט!...

— מאַמעשי, מיר האָבן זיך געקוליעט מיט אַנדרעסן!— האָט זייער ערנסט געענטפערט וואָלפגאַנג און דערביי האָט ער אַריינגעקוקט דער מוטער אין פּנים מיט אַזאַ קינדער-שער פאַרטרוילאַכקייט, אַז די קנייטשן, וואָס האָבן זיך גע-וועסט באַוויזן אויפן הויכן שטערן פון דער פרוי מאָצארט, זיינען באַלד פאַרשוואונדן געוואָרן.

— זיך געקוליעט!—האָט זי איבערגעחזרט קוים איינ-האַלטנדיק דעם שמייכל, און שפּאַסנדיק אַ קניפּ געטאָן דעם שטיפער איבערן בעקעלע—נו, קען מען דען קוליען זיך אין אַ נייעם בגד? היינט איז דאָך דעם פאָטערס געבורטסטאָג, ס׳וועלן זיין געסט!..

— בײַ מײַן ערנוואָרט, מאַמעשי—האָט פּאַרזיכערט דאָס ײנגל—איך האָב זיך נאָר געשטעלט אויפן קאָפּ אָט אַזוי...
— איך גלויב, איך גלויב,—האָט זיך הויך פונאַנדערגעלאַכט די מוטער, אָפּהאַלטנדיק אים פון דעם נײַעם פּרווו. זי האָט אָפּגעטרייסלט דעם שטויב פון דעם קינדס גרייזעלאַך און האָט אים אַ קוש געטאָן—נו, מילא, גיי זיך דיר ווײַדער צו דײַן אַנדרעסן; נאָר, געדענק: מער ניט קוליען זיך!..
אַנדרעס שאַכטנער, אַ ײנגל אין אײנע יאָרן מיט וואָלפגאַנגן און זײַנער אַ חבר, איז דאַן געווען אין שכנישן צימער. וואָלפגאַנג איז אַוועקגעלאָפן צו אים.
— קוליען טאָר מען זיך מער ניט, האָט געמעלדעט וואָלפגאַנג.—וואָס זשע בלײַבט אונז איצט צו טאָן?
— לאָמיר גאָר שפּילן אין אַ שול,—האָט אַן עצה געגעבן אַנדרעס.
— רעכט. לאָמיר אָבער אַרײַנגײן אין עסצימער, דאָרטן איז וואַרימער. איך וועל זײַן דער לערער און דו דער תּלמיד. נעם דו די באַנק און איך וועל נעמען קרייט און אַ טאָוול... אָבער וואו הין טראָגט עס דיך? וואַרט אַ ווײַלע. פריער וועלן מיר דורכמאַרשירן אַרום טיש, איך וועל שפּילן אַ מאַרש.
און דער פּיצינקער לערערל איז אַרויסגעטראָטן פּאָרויס אונטערזינגענדיק אויף אַ דין קעלכעלע אַ מאַרש, וואָס ער האָט אַליין צונויפגעשטעלט, און דער געהאָרזאַמער תּלמיד איז נאָכגעגאַנגען נאָך אים, טופּענדיק צום טאַקט מיט די פיס.

דערנאָך האָבן זיי גאַנץ לעבעדיק איינגעאָרדנט אַ שול. דער תּלמיד—אַנדרעס האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן דיל, האָט אויסגעצויגן די פיס, אַוועקגעלייגט אויף זיי די באַנק און אויף דער באַנק דעם שיפער-טאָוול. דער לערער וואָלפּ-גאַנג האָט זיך גענומען צייכענען מיט קרייט אויפן דיל, אויף די מעבל און אויף די ווענט: דאָס האָט ער געוויזן זיין תּלמיד, ווי צו שרייבן ציפער...

דערווייל איז אין צימער אַריין וואָלפגאַנגס זיבן-יאָרי-קע שוועסטער נאַנערל. זי האָט געוואָלט גרייטן צום טיש, אָבער ווי נאָר זי האָט דערזען דעם ברודערס אַרבעט, האָט זי שיר ניט אַרויסגעוואָרפן פון האַנט דעם טישטאַך, די טע-סערס און די גאָפּלען.

— רבונו של עולם! — האָט זי אויסגעשריען. — וואָלפּ-גאַנגערל, וואָס האָסטו דאָס דאָ ווידער אויפגעטאָן?

דאָס יינגל האָט מיט פאַרוואונדערונג אַ קוק געטאָן אויף איר און געפרעגט מיט אַן אומשולדיקער מינע:

— אָבער וואָס איז, נאַנערל?

— אָט די קאָטשערעס דיינע...

— איך בין—אַ לערער! — האָט דאָס יינגל שטאָלץ געענטפערט — מע דאַרף ווייזן דעם תּלמיד, ווי צו שרייבן ציפער...

— אָבער נאָך וואָס גראַדע אויפן דיל, אויף די ווענט און אויף די שטולן? האָט פאַרצווייפלט אויסגעשריען דאָס מיידל — מיר האָבן מיט דער מאַמען דעם גאַנצן פרימאָרגן

גערייניקט און געקערט, קיין שטויבעלע זאָל ערגעץ ניט זיין, ערשט מיטאַמאָל קומסטו...

באַלד וויש איך אלץ אויס!— האָט געזאָגט וואָלפגאנג, וועלכער האָט גלייך פארשטאנען זיין שולד. ער האָט שוין געוואָלט נעמען זיך צו דער ארבעט מיטן ארבל פון זיין רעקעלע, אָבער גאנערל האָט אים באצייטנס אָפּגעשטעלט. מיטן שירץ און מיט א גובקע האָט זי אָפּגעווישט די שפורן פון דער תורה פון דעם דריי־יאָריקן תלמיד־חכם.

אין א קורצער צייט ארום האָבן זיך צונויפגעקליבן געסט—פריינד און מיטארבעטער פון באלעבאָס—באגריסן אים צו זיין געבורטס־טאָג. זיי האָבן אלע געדינט אין דער הויפּ־קירכע פון דעם פירסט, וואו מאָצארט דער פאָטער איז געווען קאפעלמייסטער.

— דער ערשטער טאָסט פאר אונזער שפייזערין—דער מוזיק! — האָט אויסגערופן דער באלעבאָס, אויפהייבנדיק א פולן כוס—לחיים!

— לחיים! — האָבן מיט באגייסטערונג אויסגעשריען אלע געסט און גענומען הייבן איינע צו די אנדערע די כוסות. עס זיינען צוגעגאנגען נאנערל מיטן ברודער. דער פאָטער האָט א קוק געטאָן אויף זיי מיט ליבשאפט.

— איר זייט געווען ביי מיר זיבן... צוויי נאָר זייט איר פארבליבן—האָט דער פאָטער ארויסגערעדט מיט א זיפץ,— האָט אייך כאָטש גאָט באשאָנקען מיט א פונק טאַלאַנט?..

— פארוואָס עפּעס ניט? — האָט באמערקט די מוטער

--אָט, נאַנערל, למשל, האָט געוויס זייער א גוטן געהער. דו האָסט איר שוין לאנג צוגעזאָגט לערנען שפּילן אויף דער פּאַרטעפּיאַנע.

— איך בעט דיך, טאטעשי! — האָט אונטערגעכאַפּט נאַנערל — איך בין שוין זיבן יאָר. ביי מיין ערנוואָרט, איך וועל זיין זייער פלייסיק.

— דאָס וועלן מיר נאָך זען — האָט געזאָגט דער פאָטער — נו, גוט, איך וועל שוין מער די זאך ניט אָפּלייגן, היינט נאָך מיטיק וועל איך זיך מיט דיר פארנעמען.

— און וואָס בין א י ך דען? — האָט געפרעגט וואָלפּגאַנג — צי דען וועל איך ניט זיין קיין מוזיקאנט?

אלע האָבן זיך פונאנדערגעלאכט.

— דו ביסט דאָך נאָך צום פּאַרטעפּיאַנע ניט דער וואַקסן! האָט געענטפערט דער פאָטער — וואָס, דיר ווילט זיך אויך זיין א מוזיקאנט?

— איך שפּיל שוין איצטער אויך.

— דאָס הייסט, דו קוליעסט זיך מיטן קליינינקן אנדרעסן — האָט מיט א שמייכל באמערקט די מוטער.

— ניין — האָט דאָס יינגל באליידיקט געענטפערט — כ׳האָב אים אנומלט אויסגעשפּילט א גאנצן מארש.

די ווערטער האָבן ארויסגערופן נאָך א גרעסערן געלעכטער.

ווען די געסט זיינען זיך פונאנדערגעגאנגען, האָבן זיך די עלטערן מיט די קינדער געזעצט צום טיש. נאַנערל

האָט פון אויפרעגונג קיין זאך ניט געגעסן, כאָטש די מאכלים זיינען צוליב דער שימחה געווען יומטובדיקע.

•

דער מיסיק האָט זיך געענדיקט. דער פאָטער האָט געעפנט די פאָרטעפיאנע און צוגערופן צו זיך די טאָכטער. ס'האָט זיך אָנגעהויבן די ערשטע לעקציע. נאנערל האָט אינדעראמתן פון ערשטן מאָל ארויסגעוויזן א גרויסע פייאיקייט צום שפילן. וואָלפגאנג איז די גאנצע צייט געשטאנען לעבן דער שוועסטער און ניט גערירט זיך פון אָרט.

אזוי איז אַריבער די ערשטע לעקציע. דאָס לעבעדיק און צאפלדיק יינגל איז געשטאנען ווי צוגעשמידט. נייע געדאנקען האָבן זיך, ווייזט אויס, אויפגעוועקט אין זיין מוהל...

דאָס קינסטלערישע שפּילן פון פאָטער איז ביז איצט געווען אומפארשטענדלאך פארן קליינעם, די מעכטיקע מעלאָדיען פלעגן פארבייפליען פארביי אים אָן קיין שום ווירקונג. אָבער די איינפאכע קלאנגען, וואָס זיינען איצטער ארויסגעגאנגען פון אונטער די ניט געניטע הענט פון זיין שוועסטער האָבן מיט א וואונדערלאכער קראפט צוגעשמידט צו זיך זיין גאנצע אויפמערקזאמקייט. ער האָט ניט אראָפּגענומען די אויגן פון אירע פינגער און מיט זיין קינדערשן אויער האָט ער געכאפט די לייכטע אקאָרדן.



ווען דער ,ימוד האָט זיך געענדיקט און דער פּאָטער מיט דער טאָכטער זיינען אוועק פון דער פּאָר־טעפּיאַנע, האָט זיך וואָלפגאנג שטילינ־קערהייט צוגעגנבעט צום אינסטרומענט און מיט זיינע קליינע הענטעלאַך האָט ער אָנגעהויבן צוצוקלייבן אקאָרדן.

דער פּאָטער מאָצארט האָט דער־ווײלע פאררויכערט א ליולקע און זיך גע־נומען פאר א צייטונג, ניט אכטונגגעבנדיק אויף די מוזיקאל׳שע פּרוּוון פון זיין זון. נאָר ווען די פרוי האָט אים א שלעפּ געטאָן פארן ארבל און שווייגנדיק אָנגעוויזן מיטן קאָפּ אויף וואָלפגאנגן, האָט דער אלטער ארויסגעלאָזן די צייטונג פון דער האנט און באלד אויך א וואָרף געטאָן די ליולקע. זיינע אויגן האָבן זיך ביסלאכווייז פונאנ־דערגעברענט. די שטריכן פון זיין געזיכט האָבן באקומען אן

אויסדרוק פון פולשטענדיקער פארוואונדערונג. ער האָט ניט געוואוסט, צי ער זאָל גלויבן אָדער ניט גלויבן זיינע אייגע־נע אויערן. וואָלפגאנג, דער דריי־יאָריקער וואָלפגאנג, האָט אָן דעם קלענסטן טעות, אָן קיין אָפּהאלט איבערגעחזרט מיט זיינע קליינטשינקע פינגערלאך נאָטע אין נאָטע די גאנצע איבונג וואָס ער, דער פאָטער, האָט אקאָרשט באוויזן דער טאָכטער.

די ציימונג האָט זיך געוואלגערט אויפן דיל, די ליול־קע האָט זיך פארלאָשן, די ווייסע יאַרמולקע מיטן פרענזע־לע האָט באדעקט נאָר די פּאטילניצע פון דעם חָשובן קאפּעל־מײַסטער, גרויסע טרערן פון פרייד האָבן געבלישטשעט אין זיינע אויגן... צום סוף האָט ער זיך אויפגעכאפּט, אויפגע־שטאנען פון אָרט, צוגעגאנגען צים זון און האָט אים מיט היץ איינגעשלאָסן אין זיינע אָרימס.

— וואָלפגאנגערל, טרייסט מיינער! — האָט ער גע־זאָגט־יע, פון דיר וועט ארויסקומען א מוזיקאַנט!

## טינט־פלעקן.

דער קליינער וואָלפגאַנג איז אין שטוב ניט געזעסן אָן אַרבעט. זיין מוטער און די שוועסטער זיינען געזעסן אין צווייטן צימער און וואָס געטאָן. אויפן פענסטער האָט אַ קאַ־נאַריקל אין אַ שטייגעלע זיך פונאַנדערגעגאָסן אין קלינגענ־דיקע טרעלן, און ער אַליין, וואָלפגאַנג, האָט אַרויפגעקלע־טערט מיט די פיס אויפן פאָטערס שטול, זיך אָנגעשפּאַרט מיט די הענטעלאַך אויפן שרייב־טיש און האָט זיך וועגן עפּעס וואָס שטאַרק פאַרטראַכט. די קינדערשע שטריכן פון זיין ליבן פּנימל האָבן פּשוט געשיינט. צי איז דאָס געווען אַן אָפּשיין פון דער זון־אונטערגאַנג דורך די שויבן, אָדער אויף זיין פּנים האָט זיך אָפּגעשפּיגלט דער באַגייסטערטער צושטאַנד פון זיין נשמה — אַלנפאַלס איז קלאָר, אַז עפּעס אַ דרייסטער געדאַנק האָט געאַרבעט אין זיין קינדערשן מוחל, עפּעס אַ נייע, אַ באָרוואָס געבאָרענע מעלאָדיע האָט זיך געטראָגן איבער אָט דעם דאָזיקן געקרייזלטן קעפּעלע: דעם יינגלס אויגן פלעגן דאָ אָפּפלאַקערן, דאָ זיך פאַרלעשן, די ליפּן פלעגן זיך שטיל באַוועגן, אַרויסברענגענדיק צייטנ־וויז עפּעס מאָדנע אומקלאָרע קלאַנגען.

נאָר אָט האָט ער אויפגיך געכאַפּט אַ בויגן נאָטן־פּאַ־פּיר, וואָס איז געלעגן אויפן טיש, האָט איינגעטונקט די פּע־דער אין טינט און אָנגעהויבן שרייבן נאָטן.

פון באַגייסטערונג איז ער אַזוי צוהיצט געוואָרן, אַז ער האָט אַראָפּגעלאָזן די פּעדער ביזן סאמע דעק פון טינ־טער און די דריטע נאָטע איז אין גאַנצן פאַרשוואונדן גע־וואָרן אונטער אַ גרויסן טינט־פלעק.

אָבער וואָלפגאנג האָט דאָס ניט באמערקט, ער האָט ווייטער ארויסגעבראכט אַ נאָטע נאָך אַ נאָטע, פאַרטשעפּענ־דיק זיי אויפן וועג מיט דעם הענטל און באַפוצנדיק זיי מיט לאַנגע דריידעלאַך. דער ברען איז געוואַקסן מיט יעדער מינוט און צוזאַמען מיט דעם איז אויך געוואקסן די צאָל טינט־פלעקן, ביז, צום סוף, איז דער גאַנצער נאָטן־בויגן ניט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין עפּעס אַ שוואַרצן ים.

דאָ ערשט האָט ער צו זיין גרויס אומגליק באַמערקט, וואָס ביי אים איז אַרויסגעקומען. טרערן האָבן אַ שפּריץ געטאָן פון זיינע אויגן און האָבן זיך צעמישט מיט די טינט. קיין זאַך האָט שוין אָבער ניט געקענט אָפּהאַלטן זיין באַ־גייסטערונג. ער האָט מיט די פינגער אָפּגעווישט די ניט געבעטענע טראָפּנס און מיט אַפּיבערהאַפּטער שנעלקייט האָט ער ווידער אָנגעהויבן שטעלן אַ נאָטע נאָך אַ נאָטע.

ווי ער זיצט אַזוי אין איין ברען און אַרבעט, האָט זיך געעפנט די טיר — און אין צימער איז אַריין דער קאַפּעלמייסטער מיט זיין גאַסט, דעם גראַף גערבערשטיין.

דער פּיצינקער קאָמפּאָזיטאָר *) האָט קיין זאַך ניט

*) קאָמפּאָזיטאָר — אַ מענטש, וואָס פאַרפאַסט מוזיקאַלישע ווערק

געהערט. ער האָט עפּעס פּאַר זיך אונטערגעברומט אַ מעלאָדיע, געשריבן, אויסגעמעקט, ווידער געשריבן, געקאַפּעט, געקאַפּעט אַ קלעק נאָך אַ קלעק, אָפּגעווישט זיי, און, צום סוף, אַ וואָרף געטאָן די פעדער פון די מוראדיק אויסגעשמירטע פינגער.

— וואָס טוסטו דאָ, שטיפער! — האָט זיך דערהערט איבער אים דעם פאָטערס קול.

וואָלפגאַנג האָט זיך אָפּגעקערט און מיט אַ יום-טובדיקער מינע און מיט אויגן, שיינענדיקע פון אַנטציקונג, האָט ער פונאַנדערגעשפרייט די פינגער, וואָס זיינען געווען אויסגעשמירט אין טינט.

— איך שרייב אַ פּאָרטעפּיאַנעם מאַרש! די ערשטע פּאַרטיע איז שוין פּאַרטיק — האָט ער געמאָלדן.

דער אַלטער מאָצאַרט און דער גראַף האָבן זיך איבערגעקוקט מיט אַ שמייכל.

— ווייז נאָר אהער, מיר וועלן אַ קוק טאָן — האָט געזאָגט דער פאָטער — אַ שיין שטיקל אַרבעט מיסתמא.

נאָר דאָס יינגל האָט ניט געגעבן דאָס פּאַפּיר.

— ניין, ניין! האָט ער אויסגעשריען, — כ'וועל ניט באַווייזן, ביז ס'וועט אינגאַנצן ניט פאַרטיק ווערן.

פונדעסטוועגן האָט זיך דעם פאָטער איינגעגעבן אויסנאַרן ביים זון דעם נאָטן-בויגן. דאָ איז דער צימער פאַרהילכט געוואָרן מיט אַ לעבעדיקן געלעכטער פון מאָצאַרטן און פון דעם גראַף: ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס גאַנצע

פאַפּיר איז געווען באַדעקט מיט קלעקן און קאָטשערעס...

נאָר אַ מאָדנע זאַך: פאַרוואָס איז מאָצאַרט דער פאָ־טער מיטאַמאָל אַנטשוויגן געוואָרן און מיט אַלץ שטייגנדיקער אויפמערקזאַמקייט גענומען אַריינקוקן אין די נאָטן? פאַר־וואָס האָבן זיך זיינע אויגן מיטאַמאָל אָנגעגאָסן מיט טרערן —טרערן פון פרייד און נחת? פאַרוואָס?

— גיט נאָר אַ קוק! גיט נאָר אַ קוק, ליבער גראַף,—האָט ער אויסגעשריען, ווענדנדיק זיך צו הערבערשטיינען, און דערביי האָט דער נאָטן־בויגן געציטערט אין זיינע הענט— דאָ איז יעדע נאָטקע אויף איר אָרט, מערנישט וואָס—די גאַנצע פּיעסע איז צו שווער, אוממיגלאַך אויסצופירן.

— דאָס איז דאָך אָבער אַ קאָנצערט—האָט צופרידן געענטפערט דער קליינער קאָמפּאָזיטאָר—מ׳דאַרף אים גוט אויסלערנען, אָט ווי דאָס שפּילט זיך.

און אונטערשפּרינגענדיק צום פּאָרטעפּיאַנע, האָט ער אָנגעהויבן צו שפּילן. אמת די שווערע ערטער פלעגן זיך אים ניט איינגאַנצן איינגעבן, נאָר פונם גאַנצן האָבן די צו־הערער געקאָנט פאַרשטיין דעם געדאַנק פונם מחבר.

די קאָנצערט־פּיעסע איז געווען אָנגעשריבן פאַר אַ גאַנצן אָרקעסטער און פולשטענדיק ריכטיק.

— וואָלפגאַנג! — האָט אויסגערופן דער גליקלאַך־אויפגערעגטער פאָטער — דו וועסט זיין אַ באַרימטער מאַן!

דער באַרימטער דייטשער קאָמפּאָזיטאָר, לודוויק וואַן־בעט־האָווען, איז געבאָרן געוואָרן אין 1770 יאָר אין דער שטאָט באָן, ביי זייער אָרימע עלטערן.

זיין ערשטער לערער אין מוזיק איז געווען זיין פאָטער, דער הויף־מוזיקאַנט, יאָהאַן בעטהאָווען. נאָך קינדווייז ווייזט לודוויק אַרויס אויסערגעוויינלאַכע מוזיקאַלישע פעאיקייטן צו מוזיק. דער פאָטער דערשפּירט באַלד, אַז ער קען אים שוין קיין לערער ניט זיין און באַזאָרגט אים מיט די בעסטע מוזיק־לערער. אַ ייִנגל פון 11 יאָר, טרעט שוין בעטהאָווען אַרויס אויף קאָנצערטן, און האָט אומעטום גרויס ערפאָלג. אין אַ פּאָר יאָר אַרום ערשיינען זיינע ערשטע מוזיקאַלישע ווערק. דאַן ווערט ער אויך באַשטימט אַלס צווייטער הויף־אָרגאַניסט. דאַנק דער אונטערשטיצונג פון פאַרשיידענע הויכגעשטעלטע פּערזאָנען, פאָרט בעטהאָווען אייניקע מאָל אין ווין, וואו ער פאַרפולקומט זיך אין מוזיק אונטער דער אָנפירונג פון די באַרימטסטע קאָמפּאָזיטאָרן מאָצאַרט און היידאַן.

אין 1795 יאָר טרעט בעטהאָווען צום ערשטן מאָל אַרויס אַלס אָנערקענטער קינסטלער און קאָמפּאָזיטאָר. פון דאַן אָן ווערט ער אַלץ מער און מער אָנערקענט און באַליבט. אָבער דאָ פּאַסירט מיט אים אַ שרעקלאַכער אומגליק: ס'הייבט אָן אָפּגעשוואַכט צו ווערן זיין חוש־השמיעה, און וואָס ווייטער, אַלץ מער און מער, ביז ער ווערט אינגאַנצן טויב. צי קען נאָך געבן פאַר אַ מוזיקער אַ גרעסערער אומגליק,

ווי טויבקייט? דעם גאנצן לעבן האָט דאָך דער מוזיקער צו טאָן מיט קלאַנגען און מיט דער פארשיידנאַרטיקסטער צונויפּזאַרונג זייערע; האָט סאַקע בעטהאָווען געשפּירט זיך זייער עלנט און אומגליקלאַך די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן. ס'ווערט דערציילט, אז איינמאָל אויף אַ קאָנצערט, וואו בעטהאָווען איז אַרויסגעטראָטן אַלס קאַפּעלמייסטער, האָט דער אָרקעסטער די גאַנצע צייט געשפּילט אונטער דער ליישונג פון אַן אַנדער דיריגענט, וועלכער איז געשטאַנען ערגעץ אָן אַ זייט הינטער בעטהאָווענען. דאָס האָבן איינגעאָרדנט זיינע פריינד, וועלכע האָבן אים נישט געוואָלט אָנטאָן אַזויפיל צער און מעלדן, אז ער קען שוין נישט אַרויסטרעטן, אַלס קאַפּעלמייסטער. בעטהאָווען האָט פון דעם, פאַרשטייט זיך, נישט געוואוסט. די מוזיק האָט ער כמעט ווי נישט געהערט, האָט ער נישט אויפגעהערט צו דיריזשירן אויך דאַן, ווען דער אָרקעסטער האָט שוין אויפגעהערט שפּילן. דער עולם איז געווען גערירט ביז טרערן, צו קוקנדיק די דראַזיקע מאוימדיקע סצענע.

אָבער דאָס אַלץ שוואַכט נישט אָפּ זיין שאַפונגס-קראַפט, און גראָד אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן האָט ער באַרייכערט די וועלט מיט אייניקע פון זיינע שענסטע און דערהויבנסטע ווערק.

לודוויק בעטהאָווען איז געשטאָרבן, ווען ער איז אַלט געווען 57 יאָר. כמעט הונדערט יאָר איז שוין אַריבער נאָך זיין טויט, און עד-היום איז בעטהאָווען באַליבט און געשעצט ביי אַלעמען, ווען מען מוזיק פאַרשאַפט פאַרגעניגן און פרייד.

# אין דער פאַמיליע.

דער הויף־מוזיקאַנט, יאָהאַן בעטהאָווען—דער פאָטער פון דעם באַרימטן מוזיקער—האָט היינט געהאַט אַ שלעכטן טאָג. אַ פאַרהושכטער און אַ אומעטיקער האָט ער זיך אַרומגעשלעפּט איבער די פייכטע גאַסן פון באָן, און פון זיינע ליפּן פלעגן זיך אַלע ווײַלע אַרויסרייסן בייזע קללות.

— כאַפּט אייך אַלעמען דער רוח!..—האָט ער געמורמלט צו זיך אַליין, טוליענדיק זיך אין פלאַשטש, וואָס דער ווינט האָט געריסן פון זיינע פּלייצעס.—אַ פיינער טאָג היינט...

צוויי לעקציעס האָב איך פאַרלאָרן! די פריילין איז ניט אויפגעלייגט צו פאַרנעמען זיך מיט מוזיק! וואָס טראַכטן זיי זיך, די פּריצים? צי מיינען זיי ניט, אַז יאָהאַן בעטהאָווען איז עפּעס אַ לאַקיי?.. און אַ וועטער היינט! ווי ביי מיר אויפן האַרצן... רעגן, נעפּל, בלאָטע... און קיין גראָשן איז ביי דער דער נשמה ניטאָ... ווי קומט מען אַהיים? שאַ!.. אַ טייערער איינפאַל! דער שענקער וועט זיך דאָך מסתמא ניט אַנטזאָגן אויסלייען מיר אַ ביסל קליינגעלט? כ'וועל זיך

אונטערכאַפּן צו אים: אגב, ווערט אַ ביסל לייכטער אויפן האַרצן אין אַ פריילאַכער געזעלשאַפט.

בעטהאָווען איז אַוועק אין איינע פון די זייטיקע געס־לאַך, און אין עטלאַכע מינוט אַרום איז ער געווען שוין אין שענק.

ס׳זיינען אַריבער ביי אַ צוויי שעה. ס׳איז געוואָרן אָוונט. אַ שוואַרצע געדיכטע פינסטערניש האָט באַדעקט די שטאָט. בעטהאָווען איז ווידער אַרויס אויפן גאַס; אים האָט כּאַגלייט דער שענקער מיט אַ ליכט אין דער האַנט.

— אַ גוטע נאַכט, הער בעטהאָווען! — האָט ער גע־וואָגט־פאָרזיכטיקער! גליטשט זיך ניט אויס אויף דער שוועל...

געדענקט־זשע, הער בעטהאָווען, אין אַכט טעג אַרום וועט איר מיר באַצאָלן. און ווען חלילה ניט — דאַן פאַרלירט איר ביי מיר אינגאַנצן דעם קרעדיט. איך בין אַ פאָטער פון אַ געזינט, הער בעטהאָווען,—איך דאַרף שפּייזן...

— אַך, רעדט ניט אַזויפיל, מיין פריינד! — האָט אים אַ צערייצטער איבערגעשלאָגן דער מוזיקאַנט: דוכט זיך, איך האַלט מיין וואָרט! ניט פון נעכטן אָן קאָנט איר מיר! אַ שווינדלער בין איך, וואָס?

און ער איז פאַרפאַלן געוואָרן אין דער פינסטערניש.

אַ רחמנות אויף אַ מענטשן — האָט צו זיך אַליין גע־רעדט דער שענקער: — אָט דאָס איז נעבאַך אַ לא־יוצלח! דוכט זיך, אַ מענטש מיט אַ קאָפּ, מיט אַ פילנדיק האַרץ, און אַ שפּילער!.. אָבער, גיי מאַך עפּעס! שלאָגט זיך, נעבאַך,

זיך אַ פיש אין וואַסער. ווי גרויס איז דאָס געהאַלט פון אַ הויף־מוזיקאַנט? נו, און מ'דאַרף נאָך שפייזן אַ פרוי מיט פיר קינדער... איך וואָלט אים געגרן אַ ביסל אויסגעהאָלפן, איך בין אָבער אַ מענטש ניט קיין רייכער... מער ווי אַכט טעג קען איך שוין איצטער ניט וואַרטן. פריערדיקע חובות האָב איך נאָך בײַ אים אויך אַ היבש ביסל!

אַ אויפגערעגטער, אַ בייזער, איז בעטהאָווען געגאַנ־גען איבער די פינסטערע גאַסן. דער שענק האָט אים פריי־לאַכער ניט געמאַכט. זיין פנים איז געוואָרן נאָך פינסטע־רער. אַ ביטערער שמייכל האָט צעקרימט זיינע ענג־צונויפ־געפּרעסטע ליפּן. שווערע קרעכצן פלעגן זיך פון צייט צו צייט זיך אַרויסרייסן פון זיין ברוסט. מיט וואָס פאַר אַ מאַ־טערניש אים האָט זיך איינגעגעבן צו באַקומען די עטלאַכע נישטיקע גראָשנס! וויפל באַליידיקונגען איז אים אויסגע־קומען אַריבערצוטראָגן!

צום סוף איז בעטהאָווען אַרויסגעקומען אויף דער באָנער גאַס.

אין אַ ענגן אָרימען וואוינונג האָט דאָ געלעבט זיין פאַמיליע. מיט אַ געוויש האָט ער פונאַנדערגעעפנט די טיר און מיט שווערע טריט זיך גענומען אויפהויבן אויף די שמאָלע און פינסטערע טרעפּ.

— דאָס ביסטו, יאָהאַן? — האָט אַראָפּגעקלונגען פון אויבן אַ צאַרטע שטימע. דער העלער פייער פון ליכט האָט פונאַנדערגערוקט די פינסטערניש און באַלויכטן דעם בלייכן

און שיינעם פנים פון בעטהאָווענס פּרוי, וואָס איז אים אַרויס אַנטקעגן.

— וואָס ביזטו אַזאַ אומעטיקער, יאָהאַן? היינט איז דאָך דער געבורטס-טאָג פון אונזער לודוויקן!

— מער ווי דאָס פעלט נאָך ניט—האָט מיט אַ פאַר־ביטערונג געענטפערט דערן מוזיקאַנט: — כ׳האָב אינגאַנצן עטלאַכע טאָלער. ס׳איז טאַקע פאַראַן פאַרוואָס צו קויפן מתּנות!

—וואָס רעדסטו, יאָהאַן? לודוויק חלומט גאָרניט וועגן מתנות. זינג אים עפּעס וואָס אויף אָדער שפּיל אַ ביסל אויף דער פאָרטעפּיאַנע,—פאַר אים וועט דאָס אויך זיין אַ יום־טוב.

— נו, דאָס קען מען: אַזאַ פאַרגעניגן קאָסט גאָרניט. אגב, וועל איך אַליין אויך פונאַנדערטרייבן מיינע שווערע רעיונות. טאָ וואו־זשע איז ער, לודוויק?

בעטהאָווען איז אַריין אין שטוב. פון דער פינסטער־ניש האָט זיך מיט אַ געשריי אַ וואָרף געטאָן אַנטקעגן דער מוטער דער פּיריאָריקער לודוויק און האָט באַהאַלטן זיין פּנים אין די פאַלבן פון איר קלייד. גאַנצענע טעג פלעגט דאָס קינד דעם פאָטער אין די אויגן ניט אָנזען—האָט ער פאַר אים מורא געהאַט. די אייביקע יאָגעניש נאָך די ניש־טיקע גראָשנס האָט פאַראומערט און פאַרפינסטערט דעם פּנים פונם מוזיקאַנט. אַהיים פלעגט ער זיך שטענדיק אומ־קערן אַן אויפגערעגטער און אַ מידער.

— נו, זיי כאָטש היינט אַ ביסל ליבלאַכער, לודוויק!—

האָט געזאָגט דער פאָטער:— קום נאָר אהער!

דאָס יינגל האָט געמאַכט עטלאַכע ניט קיין זיכערע טריט און זיך אָפּגעשטעלט, קוקנדיק אויפן פאָטער פון אונטער די ברעמען. בעכהאָווען האָט זיך אָנגעברוגזט און זיך אָפּגעקערט פונם יינגל.

אַראָפּגעוואָרפן דעם מאַנטל, האָט ער מיט שווערע טריט גענומען אַרומשפּרינגען איבערן צימער הין און צוריק, די מוטער האָט צערטלאַך אַרומגענומען לודוויקן און איז אַוועק מיט אים אין אַ ווינקעלע. זיי ביידע האָבן קוים איינגעהאַלטן די טרערן.

ס'איז אַריבער עטלאַכע מינוט אין אַ שווערן שטילשווייגן. נאָך אַלץ אַזאַ אומעטיקער, האָט זיך יאָהאַן בעטהאָווען געזעצט צום פּאָרטעפּיאַנע. זיינע הענט האָבן באַרירט די קלאַווישן, און ס'האָבן זיך דערהערט שטורמישע שרעקנדיקע אַקאָרדן. דער מוזיקאַנט האָט געשפּילט מיט אַ ברען; אין די קלאַנגען האָט ער געוואָלט אויסגיסן זיין שווערן געמיט. אָבער צווישן די אָפּגעריסענע שטורמישע אַקאָרדן האָבן זיך איינציקווייז געלאָזט הערן רואיקע, צאַרטע, מעלאָדישע קלאַנגען, וואָס זיינען צום סוף אַריבער אין אַ לייכטער לעבעדיקער פאָלקס-ליד.

דער קליינער לודוויק האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און מיט לויכטנדיקע אויגן אַ קוק געטאָן אויפן פאָטער. ער האָט זיך לייכט אַראָפּגעגליטשט פון דער מוטערס שויס און איז צוגעגאַנגען צום פּאָרטעפּיאַנע. אין זיין בליק איז שוין

מער ניט געוועז קיין מורא און קיין אומצוטרוי.

מיט א ציטערדיק קלאַפּנדיקן האַרצן האָט ער זיך צוגעהערט צו די וואונדערלאַכע קלאַנגען...

מיטאַמאָל האָט דער פּאָטער איבערגעריסן דאָס ליד און זיך אָפּגעקערט. ער האָט דערזען דעם קינדס פאַר־טראַכט פּנימל מיט אַ פאַרגליווערטן גליקלאַכן שמייכל אויף די ליפּן.

— נו, וואָס, לודוויק, דו האָסט זיך, אַפּנים, פאַר־חלומט אַ ביסל?—האָט ער ווייך אַ פרעג געטאָן.

— ניין, פּאַפּאַ, איך האָב נאָר געהערט... ווי שיין דו שפּילסט! אַך, ווען איך זאָל אַזוי קענען שפּילן!

בעטהאָווען האָט אַ שמייכל געטאָן.

— נו, מיין זון, פּרוביר!—האָט ער געזאָגט צום קינד און ער האָט גענומען דעם יינגלס האַנט. — האַלט פעסטער די פינגער, דו יונגאַטש! שטעל זיי דאָ, וואו איך וועל באַ־ווייזן!

דער קליינער לודוויק האָט געהאָרכזאַם אוועקגעלייגט די האַנט אויפן פּאָרטעפּיאַנע.

אָנדריקנדיק מיטן קינדס פינגער איבער די קלאַווישן, האָט בעטהאָווען צוויי מאָל נאָכאַנאַנד איבערגעחזרט די מעלאָדיע.

— נו, איצטער קאָן איך שוין אליין!—האָט אויפגע־רעגט געזאָגט דאָס יינגל.

— אָהאָ!—האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט דער מוזיקאַנט— ביסט אַ ביסל צו דרייסט!

נו, לאָז מיר נאָר אַ פּרוב טאָן!—האָט זיך איינגע־שטעלט לודוויק.

דער פאָטער האָט אים אָפּגעלאָזן זיין אָרט.

לודוויק האָט זיך געזעצט פאַרן פאָרטעפּיאַנע און האָט, ניט אָפּשטעלנדיק זיך, אויסגעשפּילט די גאַנצע מעלאָ־דיע ביזן סוף אָן איין פעלער.

בעטהאָווען האָט מיט פאַרוואונדערטע אויגן געקוקט אויף זיין טריאומפירנדיקן זון!

— קינד מיינס!—האָט ער באַגייסטערט געשעפּטשעט, אין דיר ליגט באַהאַלטן עפּעס אַזוינס, וואָס איך האָב פרי־ער ניט באַמערקט...

און גלעטנדיק דעם זונס ווייכע האָר, האָט בעטהאָווען פאַרטראַכטערהייט גערעדט צו זיך אַליין:

— יע... פון דיר וועט אַרויסקומען אַן עכטער מוזי־קער... דו וועסט געוויס דעם פאָטער און דער מוטער אויף דער עלטער נחת פאַרשאַפן!

— אַך, איך וואָלט זיך אַזוי וועלן לערנען מוזיק, פּאַפּאַ!

און דעם יינגלס פּנימל איז אינגאַנצן באַלויכטן גע־וואָרן מיט אַ גליקלאַכן שמייכל.

— נו, אדרבא! זייער שיין! כ'וועל אַליין מיט דיר נעמען לערנען! וועסט שוין זען, ווי גיך מיר וועלן אַ פּאָר טאָן פּאָראויס.

ב.

## דער פאָטער.—דער ערשטער מוזיק=לערער. לודוויק— אַ שלעכטער תלמיד.

דער פאָטער האָט געהאַלטן וואָרט. פון מאָרגעדיקן טאָג אָן האָבן זיך אָנגעהויבן רעגלמעסיקע לימודים, וועלכע האָבן זיך געצויגן עטלאָכע חדשים נאָכאַנאַנד. צום תלמידס און לערערס אַנטציקונג איז גאָר קיין סוף ניט געווען, אָבער מיטאַמאָל האָט בעטהאָווען באַמערקט, אַז לודוויק לאַנגווייליקט זיך אויף די לעקציעס און הערט ניט אַיין גוט זיינע ערקלערונגען. אין פאָטערס נשמה האָט פונדאָסניי אויפגעפלאַמט די פריערדיקע אויפרעגונג.

זיצט איינמאָל אינאָוונט דער פאָטער מיטן זון ביי דער פאָרטעפּיאַנע. אַפּאַראומערטער, אָן קיין שום אינטערעס הערט אויס לודוויק די לאַנגע לעקציע איבער דער טעאָריע פון מוזיק. אים איז שרעקלאַך לאַנגווייליק.

— נו, חזר איבער!—דערהערט זיך אַ אומגעדולדיקער אויסגעשריי פון בעטהאָווענען.

נאָר דאָס ייִנגל איז שוין ווייט אַוועקגעפלויגן מיט זײַנע חלומות און האָט ניט געהערט דעם פּאָטער.

— חזיר־זשע איבער! — האָט נאָך אומגעדולדיקער אַ געשריי געטאָן דער מוזיקאַנט.

לודוויק איז געקומען צו זיך, האָט פון אונטער די ברעמען אַ קוק געטאָן אויפן פּאָטער און איז רויט געוואָרן.

— דו גאָרנישטיקער ייִנגל! — האָט אַ געשריי געטאָן בעטהאָווען — איך וועל אַרויסשלאָגן פון דיר דײַן עקשנות!

— יאָהאַן, אום גאָטעס ווילן! — האָט זיך דערהערט אַ בעטנדיקע שטימע פון דער פרוי — האָב רחמנות אויף לודוויקן! ער איז דאָך נאָך אַזוי קליין!

בעטהאָווען האָט זיך צוריקגעהאַלטן. ער האָט אויסגעמאָסטן דעם צימער מיט זײַנע גרויסע טריט און פון גרויס צאָרן האָט ער אַזוי צונויפגעדריקט זײַנע הענט, אַז די פינגער האָבן אַזש געקנאַקט.

— נו, גוט, — האָט פאַרשטיקט אַרויסגערעדט בעטהאָווען, אָפּשטעלנדיק זיך פאַר דער פאָרטעפּיאַנע: זעץ זיך, שפּיל דעם לעצטן עקזערסיס אויף אויסווייניק! דו דאַרפסט שוין וויסן!

דאָס ייִנגל האָט, אַראָפּלאָזנדיק דעם קאָפּ, אָנגעהויבן צו שפּילן. זײַנע פינגער האָבן געציטערט פון אויפרעגונג. פאַרוואָס מאַטערט אים אַזוי דער פּאָטער און באַליידיקט אים?

— זייער שיין! אויסגעצייכנט!—האָט פאַרביטערט אָפּגעלאַכט בעטהאָווען—וואָס איז דאָס פאַר אַ טעמפּ? וואָס שפּילסטו? וואוהין ביסטו פאַרקראָכן?

לודוויק איז אינגאַנצן צעטומלט געוואָרן און האָט אויפגעהערט שפּילן. דער פאָטער האָט שוין ניט געקאָנט זיך באַהערשן. רויט-אויפגעפלאַמט פון כעס, האָט ער מיט אימפּעט פאַרקלאַפּט דאָס דעקל פון פּאָרטעפּיאַנע און אָנ-כאַפּנדיק לודוויקן פאַר די הענט, האָט ער אים אַרויסגע-שטויסן הינטערן טיר. דאָס קינד האָט זיך אַיינגענורעט אין אַ ווינקעלע אויף די טרעפּ און האָט געציטערט פון קעלט און פון די טרערן, וואָס האָבן אים געשטיקט. ער איז גע-ווען באַליידיקט, ער האָט זיך ניט געהאַט, וואו אַהינצוטאָן...

די פרוי האָט זיך אַוואָרף געטאָן צו בעטהאָווענען, ער האָט איר אָבער אָפּגעשטויסן, האָט אַ כאַפּ געטאָן די הוט און איז אַרויסגעלאָפן פון שטוב. אַזוי פלעגט ער טאָן יעד-דעס מאָל, ווען אין זיין האַרצן פלעגט זיך אויפהויבן אַ וויל-דער שטורים: די לופט און די איינזאַמקייט פלעגן אים אָפּפרישן.

די אומגליקלאַכע מוטער איז געבליבן אַליין. אין צי-מער איז געווען אַ אומאָרדענונג, וואָס האָט דערמאָנט אָן דער נאָר-וואָס פאָרגעקומענער סצענע: פון פּיופּיטער זיינען די נאָטן אַראָפּגעפאַלן אויפן דיל; אינמיטן צימער האָט זיך עפּעס געוואַלגערט אַ שטול. און לודוויק איז נאָך אַלץ ניטאָ, כאָטש עס איז שוין נאַכט. דער מוטערס האַרץ איז צונויפ-

געדריקט געוואָרן פון שרעק. זי האָט געכאַפּט אַ ליכט און אויפגעעפנט די טיר צו די טרעפּ.

— לודוויק, קינד מיינס!...—האָט זי גערופן — וואו ביזטו?

פון פינסטערן ווינקל האָט זיך דערטראָגן אַ שטילער קינדערשער געוויין. זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזן איבער די טרעפּ, האָט אָפּגעזוכט דעם וויינענדיקן יינגל און אָפּגעפירט אים אין שטוב. אײַנלייגנדיק דעם זון שלאָפן, האָט די מו־טער צערטלאַך געבעטן אים, ער זאָל זיין ווייכער און גע־האָרכזאַמער צום פאָטער. זי האָט מילד געגלעט דעם יינגלס האָר און איבער איר פּנים האָבן זיך איינע נאָך די אַנדע־רע געקייקלט גרויסע טרערן. צוטוליענדיק זיך צו דער מו־טערס ברוסט, האָט דאָס קינד זיך פונאַנדערגעוויינט אויפן קול.

— אַך, מאַמע,—האָט ער געשפּטשעט — איך וועל טאָן אַלץ, אַלץ... נאָר וויין ניט! נו, וויין-זשע ניט!

שפּעט בײַנאַכט האָט זיך בעטהאָווען צוריקגעקערט אַהיים און זיך גלייך אַוואָרף געטאָן אין בעט, ניט אויס־ריידנדיק קיין איינציק וואָרט.

*
*

ווידער האָבן זיך גענומען ביין לאַנגווייליקע לעקציעס.

דער פּאָטער איז געווען בייז, פאַרחושכט, שטענדיק געשוויגן. דאָס יינגל האָט געדענקט דעם צוזאָג, וואָס ער האָט געגעבן דער מוטער, און האָט שטיל אַריבערגעטראָגן די אומזיסטע אָנפאַלן. ער האָט געהאָפט, אַז דער פּאָטער וועט ווערן ווייכער, די מוזיק—אינטערעסאַנטער; ס זיינען אָבער אַריבער חדשים און אַלץ איז געבליבן ווי פריער. לודוויקן איז דערוויילע געוואָרן זיבן יאָר.

איינמאָל האָט עפּעס בעטהאָווען באַזונדערס שטאַרק אַ געשריי געטאָן אויפן זון. דאָס יינגל האָט שוין מער ניט געקענט אַריבערטראָגן, זיין געדולד האָט געפּלאַצט. ער איז אויפגעשפּרונגען פון אָרט, אַ כאַפּ געטאָן די נאָטן, וואָס זיינען געלעגן אויפן פּיופּיטער, און צעריסן זיי אויף שטיק-שטיקלאַך.

— אַ סוף זאָל דערצו נעמען!—האָט לודוויק געשריען קוים-אָפּציענדיק דעם אָטעם—אָט זיינען זיי, דיינע עקלהאַפטע עקזערסיסן! איך וועל זיך מער ניט צורירן צום פּאָרטעפּיאַנע.

פון אויפרעגונג איז ער אינגאַנצן אַרויס פון די כלים.

דער פּאָטער האָט זיך מיט כעס אַ וואָרף געטאָן צו אים.

— אַהאַ!.. שוין ווידער עקשנות?.. נו, איז אָט האָסטו דיר!..

לודוויקן איז פינסטער געוואָרן אין די אויגן. אַ שטאַר־קע האַנט האָט אים צונויפגעדריקט, ווי מיט צוואַנגען, און ער איז אַנידערגעפאַלן · אויפן דיל. די מוטער האָט זיך אַ ריס געטאָן פאָראויס, פאַרטיידיקנדיק דעם יינגל מיט איר קערפער.

לודוויק איז אויפגעשפרונגען, און אַ וואָרפטאָנדיק דעם קאָפּ אויף הינטן, האָט ער מיט צעפלאַקערטע אויגן אַ קוק געטאָן אויפן פאָטער.

— דו מעגסט מיר דאָ טויטן אויפן אָרט — האָט ער געזאָגט—און איך וועל דיר מער ניט הערן.

און איידער בעטהאָווען איז נאָך געקומען צו זיך, האָט לודוויק זיך אַרויסגעגליטשט פון זיינע הענט און איז אַרויסגעלאָפן פון צימער.

לודוויק אַנטלויפט פון פאָטער. זיין ערשטע זעלב־שטענדיקע שאַפונג. זיינע נייע לערער. זיין כאַראַקטער.

אויפן הויף איז געווען אַ מחיה... די לויטערע זון האָט פריילאַך אַראָפּגעשיינט אויף דער יונגער גרינס. לודוויק איז אַרויס אויפן גאַס און איז אַוועק וואוהין די אויגן האָבן אים געטראָגן. ער איז געגאַנגען, אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ, אינגאַנצן פאַרזונקען אין זיינע ביטערע מחשבות.

וואָס האָט אַזוינס געשריען דער פאָטער? דוכט זיך, ער האָט געוואָלט אַרויסטרייבן לודוויקן פון שטוב? נו, איז וואָס! ער וועט זיך אַוועקלאָזן איבער די הויפן מיט אַ פּי־דעלע און וועט שפּילן דאָס, וואָס ביי אים האָט זיך אָנגע־קליבן אויפן האַרצן, ער וועט שפּילן, וואָס אים געפעלט! מען דאַרף נאָר קריגן אַ פידל!...

דאָס יינגל האָט זיך אָפּגעשטעלט.

— אַך—האָט ער פריילאַך אויסגעשריען,—דער פאָ־טער איז דאָך איצטער געוויס אַוועק פון שטוב.

ער האָט זיך גלייך אומגעקערט און זיך אַוועקגעלאָזן אַהיים. פאָרזיכטיק זיך צוגעגנבעט צו דער טיר, האָט ער זי שטילינקערהייט עטוואָס אויפגעעפנט און אַריינגעקוקט

אין שפּאַלט. דער פּאָטער איז ניט געווען; פון שלאָף־צימער האָט זיך נאָר געהערט אַ שטיל געוויין פון דער מוטער. איין מאָמענט און לודוויק האָט אַ כאַפּ געטאָן די פידל פון דער וואַנט און זיך אַ וואָרף געטאָן צוריק. איבער די אַלטע טרעפּ איז ער אַרויף אויפן בוידים און זיך אַװעקגעזעצט ביים קליין פענסטערל, פון וועלכן ס׳האָט זיך געזען אַ לויטערער קלאָרער הימל.

מיט אַ ציטעריקער האַנט האָט זיך לודוויק גענומען פאַרן סמיק און אַ פיר געטאָן מיט אים איבער די סטרונעס. ס׳האָט זיך דערהערט אַ ציטעריקער צאַרטער אַקאָרד... נאָך איינער... נאָך איינער... עפּעס אַזוי לייכט האָבן זיך געגאָסן די קלאַנגען און אַזוי מחיהדיק... דאָס איז געווען, ווי אַ פּיי־ערלאַכער שטילער הימן... אין אים האָט דאָס יינגל אויס־געגאָסן זיין גאַנצע אָנגעווייטאָקטע נשמה, און געגאַרטע טרערן האָבן אַ פלייץ געטאָן פון די אויגן...

דערהערט דידאָזיקע קלאַנגען, האָט די מוטער דער־שראָקן אויפגעהויבן דעם קאָפּ.

— רבונו־של־עולם — האָט זי שטיל געשעפּטשעט, — עפּעס אַ כישוף מוז דאָס זיין... ווער שפּילט עס דאָרטן אויבן? און אפשר זיינען עס מחנות הימלשע מלאכים געקומען טרייסטן די אומגליקלאַכע מוטער?

מיט ציטעריקע הענט האָט זי אויפגעעפנט די טיר. די זיסע צאַרטע ניגונים האָבן זיך גענומען הערן נאָך דייט־לאַכער. די פאַרוואונדערטע פרוי איז איבער די טרעפּ אַרויף

אויפן בוידים. פון דאָרטן האָבן זיך געטראָגן די קלאַנגען. ביים פענסטערל איז געזעסן לודוויק. די העלע זונען־שטראַלן זיינען געפאַלן גלייך אויף זיין פנים. וואו איז אַהינגעקומען זיין אומעטיקער פאַרכמורעטער אויסזען? דער גאַנצער פנים האָט ביי אים איצטער געלויכטן, ווי ביי אַ מלאכל... אַ געפיל פון שמחה האָט אַרומגעכאַפּט דאָס מוטערס האַרץ.

— לודוויק! מיין טייער ייִנגעלע!

זי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו אים. לודוויק איז געוואָרן צעטומלט, האָט אַראָפּגעלאָזן דעם סמיק און ניט גערן אַ קוק געטאָן אויף דער מוטער. ער האָט מער ניט געקענט שפּילן, האָט אָפּגעאָטעמט, זיך אויפגעהויבן און איז שווייגנדיק אַוועק אין שטוב אַריין, די מוטער איז אים נאָכגעגאַנגען. אויפגעהאַנגען די פידל אויף אַן אָרט, האָט זיך דאָס ייִנגל אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול און זיך שטאַרק פאַרטראַכט. זיין האַרץ איז געווען פול מיט באַגייסטערונג און נחת.

און לודוויק האָט זיך דערמאָנט אָן דער איינגעהויקערטער פיגור פון פאָטער, דעם קנייטש פון פאַרביטערונג אין די ווינקלען פון די ליפּן; ער האָט זיך דערמאָנט די אָפּטע שמועסן זיינע מיט דער מוטער וועגן דעם שטיקל ברויט, דאָס באַדויערן פון די שכנטעס, די שטענדיקע קרעכצן און זיפצן וועגן דער ביטערער נויט.

דעם ייִנגל האָט אַרומגעכאַפּט אַ געפיל פון רחמנות צו דעמדראָזיקן פאַרביטערטן מענטשן. אָן, פאַרוואָס זאָגט

אים דער פּאָטער קיינמאָל ניט עפּעס אַצערטלאַך וואָרט? פאַרוואָס וויל ער אים ניט פאַרשטיין?

לודוויק האָט דאָך ליב מוזיק! ער איז גרייט צו וויי. נען פאַר התפעלות און קושן די פיס אָט דעם פאַרהאַרטע־ וועטן מענטשן, ווען ער שפּילט די אומעטיקע, פאַרן האַרצן אָנכאַפּנדיקע מעלאָדיעס... דאָס יינגל האָט זיך שטאַרק פאַר־ טראַכט... ווען ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, האָבן זיינע אויגן זיך אָנגעטראָפן מיטן פּאָרטרעט, וואָס איז געהאַנגען אויפן וואַנט. דאָרט איז געווען אַ זקן אָנגעטאָן ווי אַ הויף־ מוזיקאַנט: דאָס איז געווען לודוויקס זיידע. דאָס יינגל האָט נאָך געדענקט דאָס שפּילן מיט אים, זיין ווייכע צאַרטע שטים... סאַר אַ וואונדערלאַכער פּאַרטראַכטער פּנים ס׳האָט דערדאָזיקער זקן! וויפל טיפע געדאַנקען ער דריקט אויס!

— דיין זיידע איז געווען אַ מערקווירדיקער מאַן — האָט געזאָגט די מוטער: — אים האָבן אַלע געאַכט, און אויף דער עלטער האָט ער פאַרנומען דעם אָרט פון אַהויף־ קאַפּעלמייסטער!

פרוי בעטהאָווען איז אויפגעלעבט געוואָרן — אַך, ווי ער פלעגט שפּילן!—האָט זי שטיל גערעדט, אינגאַנצן אויפ־ שיינענדיק פון נחת — היינט זיין זינגען! דאָס איז געווען אין טעאַטער... אַ פול־געפּאַקטער זאַל... אַלע האָבן איינגע־ האַלטן דעם אָטעם... ער האָט געזונגען... איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געהערט אַזאַ שטימע. דיין פּאָטער זינגט אויך

גוט, מיין קינד, אָבער דער זיידע האָט געזונגען ניט אין ערך בעסער! ביי אַלעמען האָבן זיך געגאָסן טרערן פון די אויגן, און ווי האָט מען דען געקאָנט ניט וויינען! דער פירשט איז אויפגעשטאַנען פון זיין אָרט און האָט אַ געשריי געטאָן „בראַוואָ!“

לודוויקס אויגן האָבן געברענט; ער איז געוואָרן שרעק־לאַך בלייך.

— ווען דער זיידע האָט געזונגען, פלעגן ביי דעם שרעקלאַכסטן רוצח פאַרשווינדן די פינסטערע מחשבות; ביי די אומגליקלאַכסטע מענטשן פלעגן זיך באַווייזן טרערן אין די אויגן און ערגעץ ווייט־ווייט פלעגט אַוועקפליען דער שווערער אומעט...

די מוטער האָט אָפּגעזיפצט.

— גאָטעניו! — האָט אויסגעשריען דאָס יינגל, אינגאַנצן צעטרייסלט פון דער מאַמעס דערציילונג — אוי, וואָלט איך וועלן זיין ענלאַך אויף אים!

— דו קענסט עס דערגרייכן, קינד מיינס, — האָט מיט היץ געענטפערט די מוטער: מען דאַרף זיך לערנען, לאַנג לערנען; ס'איז גאָרניט, וואָס איצטער איז אַ ביסל לאַנגוויי־ליק... אַך, מיין קינד! דו קענסט אויך ווערן אַ גרויסער מו־זיקער, — אַזוי זאָגט דיין פאָטער. דער זיידע האָט דאָך אויך געמוזט זייער לאַנג לערנען.

— יאָ, זייער לאַנג, — האָט זיך דערהערט פון שוועל אַ באַקאַנטע שטים.

לודוויק האָט אויפגעציטערט. פאַר אים איז געשטאַנען זיין פאָטער. דאָס ייִנגל איז געוואָרן צעטומלט. אָבער אין בליק פון דעם מוזיקאַנט איז שוין ניט געווען אַפילו קיין שאָטן פון דער פריערדיקער בייזקייט.

אומקערנדיק זיך אַהיים, האָט בעטהאָווען אונטערגעהערט דעם סוף פון דעם זונס אימפּראָוויזאַציע, *) און דערנאָך דעם גאַנצן געשפּרעך צווישן אים און דער מוטער. דאָס האָט געמאַכט אויף אים אַ טיפן רושם. עס איז אים אַלץ קלאָר געוואָרן. ווי האָט דאָס אַ מוזיקאַנט ביז איצטער ניט פאַרשטאַנען, אַז אין דעם ייִנגלס נשמה איז פאַרבאָרגן אַ גאון, אַז זיין קאָפּ איז גאָר געבויט, קען זיין, אַ ביסל אַנדערש ווי ביי אַנדערע.

— פאָטער, האָט רויטלענדיק זיך און פּלאָנטערנדיק מיט דער צונג, געזאָגט לודוויק,—איך וועל זיך שוין איצטער לערנען, אויב דו וועסט נאָר וועלן ווייטער...

בעטהאָווען האָט אים אָנגענומען פאַרן האַנט.

— שפּעטער, יונגאַטש, שפּעטער... פאַרשטייט זיך, דו וועסט לערנען; נאָר איך בין שוין פאַר דיר קיין לערער ניט... וועגן דעם וועלן מיר נאָך אַ טראַכט טאָן.

ער האָט זיך אַ קער געטאָן און איז האַסטיק אַרויס פון שטוב. די מוטער און דער זון האָבן פאַרשטוינט זיך איבערגעקוקט.

אַהיים איז בעטהאָווען געקומען אַ מונטערער, אַ אויפגעלייגטער און האָט גלייך געמאָלדן, אַז אין אַ וואָך אַרום

וועט לודוויק האָבן אַ נייעם לערער—דעם הויף־קאַפּעלמייס־
טער פּייפּער.

* * *

דער לערער איז געווען אַ נייער — דער אופן פון די לימודים איז אָבער געבליבן דערזעלביקער.

פונדעסטוועגן האָט בעטהאָווען געהאַלטן, אַז ער האָט זייער פיל באַקומען פון דעמדאָזיקן לערער, און מיט אַ וואַרימען געפיל פון דאַנקבאַרקייט פלעגט ער אים דערמאָנען ביזן סוף פון זיין לעבן. די לימודים מיט פּייפערן האָבן זיך געצויגן איין יאָר. דערנאָך איז לודוויק אַריבער צו אַ נייעם לערער—צום הויף־אָרגאַניסט נעפע. אין אים האָט דאָס יינגל געפונען אַ טרייען פריינד, וועמען ער פלעגט אַנטרויען אַלע זיינע געדאַנקען, אַלע זיינע פּלענער. די לימודים זיינען אַוועק גלענצנד: לודוויק האָט זיך אַזוי שטאַרק אַרוק געטאָן פאָראויס, אַז נעפע האָט אים באַשטימט פאַר זיין געהילף.

אַזוי האָבן זיך געצויגן אַ טאָג נאָך אַ טאָג, אַזוי האָבן זיך געצויגן יאָרן לאַנג. דער קליינער בעטהאָווען איז אומ־באַמערקט אויסגעוואַקסן. נאָר די שווערע קינדהייט, די אָרימקייט, די האַרטע באַציאונג פון פאָטער האָבן איבערגע־לאָזן אַ טיפן שפור אויף זיין כאַראַקטער. לודוויק איז גע־

וואָרן אַן איינגעשלאָסענער אין זיך און פלעגט זיך האַלטן אָן אַ זייט פון מענטשן. זיין פנים איז געווען שטענדיק פאַראומערט, אויפן האַרצן איז בײַ אים געלעגן אַ שווערער אומעט... קיינער האָט קיינמאָל ניט געזען זיינעם אַ שמייכל, קיינער האָט קיינמאָל ניט געזען זיינעם אַ שמייכל, קיינער האָט קיינמאָל ניט געהערט פון אים אַ פריילאַכן געלעכטער...



## צענטר. ייד. שול־ארגאניזאציע
## ווילנע.

**זשורנאַלן** (אויסגאַבן פון צ. ש.־אָ., ווילנע).

„גרינינקעביימעלעך“—2־וועכנטלעכער זשורנאַל פאַר יינגערע קינדער; 2־טער יאָרגאַנג.

„דער חבר“—חדשדיקער זשורנאַל פאַר עלטערע קינדער

„די נייע שול“—פעדאַגאָגישער זשורנאַל, 2־טער יאָרגאַנג

„שול און היים“—זשורנאַל פאַר עלטערן.

**שול־ביכער:**

די שול אין מערב־אייראָפּע און אַמעריקע.
פּראָפ. פּ. בלאָנסקי, יידיש א. גאָלדשמידט.

דער לערער, אַלס ערציאונגס־קינסטלער—ל. גורליט,
פון דייטש—יידיש מ. חיימסאָן.

לידער און שפּילן—א. בולקין און ל. עפראָן.

רואיקע שפּילן — א. בולקין

באַוועגלאַכע שפּילן—גאָלדבערג אָקון

ווי אַזוי אָרגאַניזירט מען אַ קינדער־פּלאַץ—קריוויצקי.

די יידישע פאָלקס־שאַפונג—ש. אַנ—סקי

באַדנקענטשאַפט—אַגראָנאָם קאַדישעס.

עלעקטרע—פּראָפ. גרעץ—איבערז. אינזש. אָקון.

חוץ דעם געפינען זיך אויפן לאַגער אַ גאַנצע ריי לייען־ביכער פון פאַרשיידענע פאַרלאַגן.

אַ ד ר ע ס: פּאָסט־קעסטל נומער 66.

# צענטר. ייד. שול-ארגאניזאציע

## ווילנע.

### קינדער-ביכער:

„די פאַרכּישופטע קר[illegible]ע" פון דניאל טשאַרני
3 מעשהלעך „ דודל
2 „ „ סאַשאַ טשאָרני
די געשיכטע פון א. ב. „ ש. ידידאָוויטש.
וואָלפגאַנג מאָצאַרט (זי[illegible]רע קינדער-יאָרן
לודוויק בעטהאָווען (באַאַרבעט ש. ידידאָוויטש.
„ער" פון ק. טעטמאַיער—יידיש י. פּ.
3 מעשיות פון בוך „שול-ח[illegible]רים"—דאַמיטשיס—יידיש ד—ל
מאַכט זיך אַליין אַ גער[illegible]לע: וואָרצל, שטאַם, בלאַט,
ב[illegible]ום, פרוכט. פון מ. חיימסאָן.
י. ל. פּרץ (זיין לעבן או[illegible] זיינע ווערק) פון ז. רייזען.
י. דאָברושין — לידער.

חוץ דעם געפינען זיך אויף ביכער-לאַגער פאַרש. קינדער מעשהלעך און קינדער פּיעסן פון אַנדערע פאַרלאַגן.

אַדרעס: פּאָסט-קאַסטן נומער 66.

ע. ד'אַמיטשיס.

# דער קליינער קוימענקערער
# דאָס שטומע מיידעלע
# דעם שמידס זון

(פון בוך „שול-חברים”)

יידיש ד—ל.

ביבליאָטעק
„גרינינקעביימעלעך”.

אַרויסגעגעבן דורך דער
צענטר. ייד. שול-אָרג. ווילנע.

זעצעריי פון דער ייד. צענטראַלער שול-אָרגאַניזאַציע. 1921.

ס'איז געווען ערב־יום טוב. נאָך די לימודים בײַ אונז בין איך אַוועק אין מיידל־שול, כדי אָפּצופירן אַהיים מײַן שוועסטערל, וועלכע לערנט זיך דאָרטן. בשעת כ'בין געקומען, זײַנען שוין די מיידלאך געווען אַרויס פון שול, פריילאַכע און צופרידענע, וואָס מ'האָט זיי אָפּגעלאָזן אויף יום־טוב.

פלוצלונג דערזע איך: פונקט אַנטקעגן דער שול, פון דער צווייטער זייט גאַס, שטייט האַרט בײַ דער וואַנט אַ קליינער קוימענקערער, אײַנגאַנצן אַ שוואַרצער. ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיטן קאָפּ צו דער וואַנט, האַלט אין האַנט זײַן זעקל מיטן בעזים און יאָמערט, פאַרכליפּענדיק זיך, אויפן קול.

עטלאַכע מיידלאַך פון די יינגערע קלאַס

זיינען צוגעגאַנגען צו אים. איך גיי אויך צו נענטער און כ׳הער, ווי זיי פרעגן אים:

— וואָס איז דיר? וואָס וויינסטו אַזוי?



דעם קליינעם קוי־מענקערער שטייען נאָך די טרערן אין האַלדז און ער קען ניט ענטפערן.

— זאָג, וואָס איז דיר? ווער האָט דיך געטשעפּעט?—זיינען ניט אָפּגעשטאַנען די מיידלאַך.

דאַן האָט ער אויפגעהויבן זיין שוואַרצן קעפּל און מיט אַ כליפּ דערציילט, אַז ער האָט פאַר־לאָרן די גאַנצע דרייסיק סאָלד *), וואָס ער האָט פאַרדינט פאַרן טאָג, און אָן געלט קען ער אַהיים ניט קומען.

*) סאָלד — אַ מטבע אין איטאַליע אָן ערך 3 קאָפּיקעס.

— מיין מאַמע ליגט קראַנק, מע דאַרף פאַר איר רפואות קויפן און עסן פאַר מיין שוועסטערל, וויי צו מיר!..

די מיידלאַך קוקן אויף אים מיט גרויס רַחמָנות. דערווייל גייען צו נאָך עטלאַכע, גרויסע און קליינע, מיט זייערע קערבעלאַך אין די הענט און הערן זיך צו צו דער מַעשה.

איינע פון זיי, אַ גרעסערע, מיט אַ בלויען פעדער אויף דער הוט, נעמט אַרויס פון קעשענע צוויי סאָלד און זאָגט:

— איך האָב ניט מערער פון צוויי, ס'איז ווייניק, לאָמיר זיך אויפלייגן!

— איך האָב אויך ניט מער פון צוויי—שלאָגט איר איבער אַ צווייטע אין אַ רויטן מאַנטל;—אָבער אַלע צוזאַמען וועלן מיר זיכער צונויפקלייבן דרייסיק.

און ס'איז אַוועק אַ גאַנג.

— אַמאַליע, לואיזע, חנה! ווער האָט געלט? אַהער, אַהערצו גיט!

ווער ס'האָט געהאַט געלט אויף בלומען, ווער אויף העפטן, פענעס—אַלע האָבן אָפּגעגעבן. איניקע, גאָר קליינטשינקע, האָבן אַוועקגעשענקט כאָטש צו פּאָר גראָשנס, וואָס די מאַמעס האָבן זיי געגעבן אויף צוקערקעס.

דאָס מיידל, וואָס מיטן בלויען פעדער, האָט געקליבן דאָס געלט און געציילט אויפן קול:

— אַכט, צען, פופצן...

איז נאָך אָבער אַלץ ווייניק. דאָס מיידל קוקט זיך אום אין אַלע זייטן—אַלע האָבן שוין געגעבן.

פלוצלונג גייט אַרויס פון שול אַ שילעריו פון עלטערן קלאַס. דערהערט זי די מעשה און שענקט אַוועק אַ גאַנצע לירע*). אַלע מיידלאַך זיינען אַנטציקט און מלא־שימחה.

איצט פעלט שוין מער ניט, ווי פינף סאָלד.

*) לירע — 10 סאָלד.

— אַט גייט מען פון פערטן קלאַס, מע דאַרף בײַ זיי בעטן — זאָגט איין מיידעלע.

דער פערטער קלאַס גייט צו נענטער און באַלד הייבן זיך ווידער אָן פון אַלע זייטן צו שיטן מטבעות. דער עולם ווערט דערווייל אַלץ גרעסער און גרעסער.

די דרייסיק צענערס זײַנען שוין לאַנג דאָ, ס׳איז שוין דאָ אַ סך מערער. יעדערע וויל אַרײַנטראָגן אַ חלק און אַפילו גאָר די קליינינקע, וועלכע האָבן נאָך ניט קיין געלט, שטופּן זיך דורך צווישן די עלטערע נענטער צום קליינעם קוימענקערער און שטופּן אים אין האַנט אַרײַן זייערע בלימעלאַך, אַבי נאָר אויך צו געבן עפּעס.

פלוצלונג גייט אַרום די באַדינערקע. זי זעט אַזאַ עולם קינדער, ווייס ניט, וואָס איז די שימחה מיט זיי, טוט זי אַ געשריי:

— וואָס ט'איר זיך דאָ אויפגעקליבן? אַהיים גייט! אַט וועל איך רופן די לערערקע!

די מיידלאַך צע־שיטן זיך אין אַלע זייטן, ווי אַ מחנה וואָראָביי־טשיקלאַך. אויפן גאַס בלייבט נאָר דער קליי־נער קוימענקערער. ער רייבט זיך די אויגן, וועל־כע זיינען נאָך פייכט, און צעשמירט זיך די טרערן איבערן גאַנצן שוואַרצן פּנימל, וועלכער שיינט פאַר גליק.



זיינע הענטלאַך זיינען פול מיט געלט און פון אומעטום, פון די קעשענעס, פון דער היטל, פון די לאַצן, פון יעדן לעכל אין זיין צעריסענעם קאַפּאָטקעלע שמעקן

אַרויס אַלערליי קוויטלאַך און בלימעלאַך, אַפילו
אויף דער ערד וואַלגערן זיי זיך אויכעט אַרום און
אַרום.

אַט אַ גליקלאַכער!



זיינט אינדערפרי איז צו אונז געקומען אונזער פלעסער באקאנטער, דושיאַרדושיאַ, דער גערטנער פון קיעריי, וואו מיר האָבן געהאַט אונזער זומער־וואוינונג.

ער איז אָקאָרשט געקומען פון גענוע, וואו ער האָט גאַנצע דריי יאָר געאַרבעט ביי דער אייזנבאַן.

די ערשטע זאַך, וואָס ער האָט געפרעגט, אַריינגייענדיק צו אונז, איז געווען, צי זיין טאָכטער דושידיאַ איז געזונט.

— ווי מיר האָבן געהערט, איז זי געזונט — האָט געענטפערט מיין מאַמע.

— גאָט צו דאַנקען! — זיפצט אָפּ דושיאַר־דושיאַ. — דאָס האַרץ האָט מיר עפּעס ניט דערלאָזן גיין גלייך צו איר, אין דער שול פאַר טויב־שטומע.

איצט וועל איך לאָזן ביי אייך מיין פּעקל און וועל גלייך גיין אַהינצו. אַ קליניקייט—דריי יאָר ניט גע-זעען זיך!—

— פיר אים אָפּ אַהין—זאָגט צו מיר דער טאַטע.

פאַרן אַרויסגיין, האָט דער גערטנער ווידער זיך געווענדט צום טאַטן.

—נעמט ניט פאַר אומגוט, וואָס כ'וועל אייך פרעגן. ווי האַלט עס מיטן לערנען פון מיין שטומער טאָכטערל? כ'וועל אייך זאָגן דעם אמת, כ'האָב ניט קיין גרויס צוטרוי צו אָט די אַלע שולן, וואו מע לערנט מיט די טויב-שטומע. וואָס קען שוין אַ מענטש העלפן, אַז גאָט האָט געשטראָפט? נאָר כ'וויים, אפשר האָט מען איר אויסגעלערנט כאָטש מיט די פינגער ריידן? אפילו אַ קנאַפּע פרייד, וואָרים איך וועל זיך דאָך סיי ווי סיי ניט קענען מיט איר צונויפריידן, אָבער פאָרט בעסער, ווי אַזוי...

— נו, איר וועט שוין זען, איר וועט שוין זען— ענטפערט מיין פאָטער,—גייט גיכער, זי וועט זיך אַזוי דערפרייען מיט אייך.

מיר זיינען אַוועק. דעם גאַנצן וועג האָט דער גערטנער ניט אויפגעהערט צו ריידן וועגן זיין טאָכטער:

— אַזאַ אומגליק, אַזאַ אומגליק! כ'האָב דאָך קיינמאָל פון איר מויל דעם וואָרט „טאַטע" ניט געהערט, קיינמאָל ניט געקענט איר „טאָכטערל" רופן! קיינזאַך פאַרשטייט זי ניט, נעבאַך, וואָס מע רעדט צו איר און קען אַליין קיין האַלבן וואָרט ניט אויסריידן, אַזאַ רחמנות אויף איר!

נאָר אָט איז שוין די שול פאַר טויב-שטומע.

מיר זיינען אַריין. דער גערטנער האָט גלייך געבעטן דעם באַדינער אַרויספירן זיין טאָכטער דושידיאַ.

דער באַדינער איז ערגעץ אַוועק.

באַלד האָט זיך געעפנט די טיר און צו אונז איז אַרויס אַלערעדין; פאַר דער האַנט האָט זי געפירט אַ מיידל.

די קליינע האָט אויף אונז אַ קוק געטאָן און געפאַלן דעם גערטנער אויפן האַלז.

זי איז שוין אַ היבשע מיידל—העכער פאַר

מיר, אָנגעטאָן אין אַ ווייסער קלייד מיט ראָזע פּאַסן און אַ ווייסן פּאַרטוכל.

פון פרייד האָט זי זיך פונאַנדערגעוויינט.

דער גערטנער האָט איר צוגעדריקט צו זיך:

— ווי אויסגעוואַקסן, ווי שיין געוואָרן! אַך, מיין טייערע שטומינקע טאָכטערל! מיין טייערע דזשידיאַ! ליבע פרוי, איר זייט דאָך אַוודאי די לערערין, זאָגט איר, כ׳בעט אייך, זאָל זי מיר ווייזן די צייכנס אירע, אפשר וועל איך פאַרשטיין עפּעס, אפשר וועל איך זיך אויך אויסלערנען אויף די פינגער ריידן. זאָל זי מיר זאָגן עפּעס!

די לערערין טוט אַ שמייכל, קערט זיך אום צו דזשידיאַ און זאָגט צו איר:

— ווער איז עס געקומען צו דיר?

דאָס מיידל האָט אויך אַ שמייכל געטאָן און פּלוצלונג, מיט אַ מאָדנער, אַ ביסל האַרטער און איינטאָניקער שטים, ווי איינער, וואָס האָט זיך נאָר וואָס אויסגעלערנט ריידן אויף אַ פרעמדער שפּראַך, אָבער גאַנץ דייטלאַך, האָט זי צופרידן אַרויסגערעדט:

— דאָס איז מיין פּאַ - טער.

דער גערטנער איז אָפּגעשפּרונגען אויף צוריק: ער איז נתפעל און דערשראָקן געוואָרן.

— דושידיאַ, דו רעדסט, טאַקע, דו רעדסט? ווי קען עס זיין? — האָט ער זי געכאַפּט קושן אויסער זיך פון התפעלות.

— ליבע פרוי, זי רעדט טאַקע? ווי איך, ווי אַלע, מיט ווערטער, ניט מיט די פינגער? קען עס געמאָלט זיין?

— ווי איר זעט, הער וואַרושי, — האָט גע- ענטפערט די לערערין. — לערנען אויף די פינגער פלעגט מען נאָר אַמאָל; היינטיקע צייטן לערנט מען שוין אוים די שטומע ריידן מיטן מויל, ווי אַלע מענטשן.

— ווי אַלע מענטשן? טאָכטערל מיינס, דו רעדסט טאַקע, ווי אַלע מענטשן? און פאַרשטייסט, וואָס איך רייד צו דיר? הערסט מיין שטים? הערסט? זאָג מיר, קינד מיינס!

— ניין, הערן קען זי ניט, — האָט זיך אָפּגע- רופן די לערערין — זי איז דאָך טויב. זי פאַרשטייט אָבער אַלץ, וואָס איר רעדט צו איר, ווייל זי קוקט

זיך צו צו אַלע באַוועגונגען פון אייערע ליפּן, פון אייער מויל; אָבער די ווערטער אייערע הערט זי ניט, וואָס זי רעדט אַליין הערט זי אויך ניט. און ריידן רעדט זי, ווייל מיר האָבן זי אויסגעלערנט, ווי מע דאַרף מאַכן מיט די ליפּן און מיטן צונג, ווי מע דאַרף אָנשטרענגען די האַלז און ברוסט, כדי אַרויס־צורריידן דעם אָדער יענעם אות.

דער גערטנער איז געשטאַנען מיט אַן אָפענעם מויל און, ווייזט אויס, אַלץ ניט געקענט באַגרייפן, וואָס פאַר אַ ניסים דאָ קומען פאָר.

ער האָט זיך איינגעבויגן און אַריינגעשריען דער טאָכטער אין אויער אַריין:

— זאָג מיר, טאָכטערל, ביסט צופרידן, וואָס כ'בין געקומען צו דיר?

אויפגעהויבן דעם קאָפּ, וואַרט ער אויף אַן ענטפער. אָבער דאָס מיידל קוקט אויף אים מיט אויסגעגלאָצטע אויגן און ענטפערט אים גאָרניט.

די לערערין נעמט לאַכן.

— שרעקט זיך ניט, זי ענטפערט אייך ניט, ווייל זי האָט ניט געזען אייערע ליפּן, בשעת איר

האָט גערעדט צו איר אויפן אויער. פרעגט ביי איר נאָכאַמאָל, אָבער אַזוי, זי זאָל זען אייער פּנים.

דער גערטנער האָט איבערגעהזרט זיין פראַגע, און דאָס מיידל האָט אים גלייך געענטפערט:

— זיי—ער, זיי—ער צו—פרידן, וואָס דו ביסט גע—קו—מען, וואָס וועסט שוין קיין—מאָל ניט אַוועק—פאָרן.

דער גערטנער האָט ניט געגלויבט די אייגענע אויערן און האָט פאַרוואָרפן דער טאָכטער מיט פראַגן:

— ווי רופט מען דיין מאַמען:

— אַנ—טאָ—ניאַ.

— און דיין יינגערע שוועסטער?

— אַ—דע—לאַ—אי—דאַ,

— און ווי רופט מען די שול?

— אַ שול פאַר טויב=שטו—מע.

— און וויפל איז צוויי מאָל צען?

— צוואַנ—ציק.

דער גערטנער כאַפּט די לערערין פאַר דער האַנט און קושט מיט היץ.

— ווי זאָל איך אייך אָפּדאַנקען? ווי זאָל איך

אויסדריקן מיין פרייד, טייערע, ליבע פרוי לערערין? אַ קלייניקייט, פון שטום ריידעוודיק געוואָרן.

— זי קען אויך שרייבן און רעכענען — רופט זיך אָפּ די לערערין, — און אַ ביסל געשיכטע און געאָגראַפיע קען זי אויך. איצט איז זי אין נאָרמאַלן קלאַס, און אַז זי וועט דורכגיין נאָך צוויי, וועט זי אַ סך מערער קענען. עטלאַכע טויב=שטומע האָבן געענדיקט ביי אונז און זיינען אָנגעקומען פאַר פאַר=קויפערינס אין מאַגאַזינען, און זיי אַרבעטן ניט ער=גער פון אַנדערע.

דער גערטנער האָט ניט געקענט קומען צו זיך פון גרוים וואונדער.

ער האָט זיך געריבן דעם שטערן און, ווייזט אוים, אַלץ ניט געקענט באַגרייפן, וואָס דאָ טוט זיך.

— רופט מיר אַריין אַ שילערין פון צוגרייטונגס=קלאַס—זאָגט די לערערין צום באַדינער.

ער גייט אַוועק און קומט באַלד צוריק מיט אַ טויב=שטומער מיידל פון אַ יאָר אַכט=ניין.

— זי איז אָנגעקומען צו אונז מיט עטלאַכע טעג צוריק און מיט איר דאַרף מען נאָך אָנהייבן

פון אָנהייב. איר ווילט זען, ווי מיר לערנען מיט זיי?
אָט וועל איך זי אויסלערנען אויסריידן דעם אות „ע".

די לערערין האָט געעפנט דעם מויל, אַרויס־געריידט דעם אות און געוויזן מיט צייכנס דער מיי־דעלע, זי זאָל אויך מאַכן דיזעלביקע באַוועגונגען מיטן מויל.

דאָס מיידעלע האָט געפּרובט נאָכמאַכן, אָבער אָנשטאָט „ע" איז בײַ איר אַרויס „אָ".

די לערערין שאָקלט מיטן קאָפּ, נעמט דאָס מיידעלע פאַר ביידע הענטלאַך, לייגט צו איין הענטל זיך צו דער האַלז, דאָס צווייטע צו דער ברוסט, עפנט דעם מויל און רעדט ווידער אַרויס „ע".

דאָס מיידעלע דערפילט מיט די הענטלאַך, ווי עס באַוועגן זיך דער לערערינס האַלז און ברוסט, עפנט זי אויף דעם מויל און רעדט אַרויס ריכטיק דעם אות.

פּונקט אַזוי האָט די לערערין אויסגעלערנט די טויב־שטומע שילערין אַרויסריידן אַ „ד" און אַ „ס".

— איצט פאַרשטייט איר שוין? — פרעגט די לערערין דעם גערטנער.

. דער גערטנער קריגט נאָך מער התפעלות.

— אַט אַזוי לערנט איר זיי ריידן? און ביי אייך קלעקט געדולד אַזוי זיך צו פאַרנעמען מיט יעדער איינער באַזונדער יאָרן=לאַנג כסדר?

— ניט מיר אַליין לערנען זיי. צו יעדערער פון די קליינע ווערט ביי אונז באַשטימט איינע פון די עלטערע שילערינס, וועלכע זעט איר צו, ווי אַ שוועסטער, ווי אַ מוטער, העלפט איר אָנטאָן זיך, לערנט איר נייען, פאַרריכטן די קליידער, העלפט איר מאַכן די לעקציעס.—„דושידיאַ! ווענדט זיך די לערערין צום גערטנערס טאָכטער—„ווי רופט מען דיין שול=מאַמען?

— קאַ—טע—רינאַ דושיאַר—דאַ—נאָ, זי איז וויי—ער, זיי—ער אַ גו—טע!

— אויב איר ווילט, קענט איר מיטנעמען אייער טאָכטער אויף היינטיקן טאָג מיט זיך—זאָגט די לערערין צום גערטנער.

— מיטנעמען? לאַנג לעבן זאָלט איר, ליבע פרוי לערערין! וויפל פרייד איר פאַרשאַפט מיר! כ'וועל איר מיטנעמען, אַלע באַקאַנטע ווייזן, זאָלן

פֿלע זען, ווי זי רערט! טו זיך אָן, דזשידיאַ, נעם דיין טאַטן אונטערן אָרים און קום, מיין טאָכטערל!

דאָס מיידעלע האָט זיך אָנגעטאָן, דער גערט־נער האָט נאָכגעמאַכט היים באַדאַנקט די ווערערין, גענומען די טאָכטער פֿאַר דער הענטל און אַרויס מיט איר אין גאַס.

דאָס מיידעלע האָט אַ קוק געטאָן אויפֿן קלאָרן, בלויען הימל און האָט מיט פֿרייד אויסגעשריען אויף איר מאָדנעם האַרטן קול:

— אַך, ס'איז אַ שיי—נער גו—טער טאָג היינט איז!



## אַרימער פּרעקאָסי.

פּרעקאָסי איז מײַנער אַ חבר. ער גייט אין אײַן קלאַס מיט מיר.

אַ שמידס אַ זון איז ער, דער פּרעקאָסי, אַ קלײַנער אַזאַ, אַ בלייכער, מיט גוטע אומעטיקע אויגן און אַ דערשראָקענעם פּנים, אַ שטילער, אַ שעמעוודיקער. פאַרטשעפּעט ער אַלעמען ניטווילנדיק, אַנטשולדיקט ער זיך שטענדיק, רירט אַ פליג אויף דער וואַנט ניט אָן, אַ שוואַכינקער אַזאַ, און לערנט זיך פונדעסטוועגן זייער גוט.

זײַן טאַטע איז זייער אַן אָרימער און אַ פאַרביטערטער מענטש. ער האָט געאַרבעט זייער שווער און קוים פאַרדינט אויף ברויט מיט וואַסער. האָט ער גענומען שיכורן.

קומט ער אָפּט אַהיים אַ שיכּורער, שלאָגט פּרעקאָסין, וואַרפט אים אין פּנים אַריין די ביכלאַך און העפטן.

פּרעקאָסי קומט אָפּטמאָל אין שול מיט סימנים אויפן פּנים, מיט געשוואָלענע אויגן פון טרערן, מיט אַ פאַרוויינטן געזיכט.

— דיין טאַטע האָט דיך משמעות ווידער גע- שלאָגן?— שטייען צו צו אים די חברים.

— ניין, ניין, אַ ליגן!—שרייט ער מיט טרערן אין די אויגן,—אַ ליגן, מיין טאַטע שלאָגט מיך נים!

בשום אופן וועט ער אייך קיינמאָל ניט מודה זיין, אַז זיין טאַטע שלאָגט אים, אַז ער איז אַ שלעכ- טער, בייזער מענטש!

דו האָסט דאָס אָפּגעסמאַליעט די זייטלאַך אין דער העפט?—פרעגט אים דער לערער, בשעת ער גיט אָפּ זיין שריפטלאַכע אַרבעט.

— יאָ, איך—ענטפערט ער מיט אַ ציטעריקער שטים—כ'האָב ניטווילנדיק איינגעוואָרפן די ליכט.

אָבער מיר אַלע ווייסן גאַנץ גוט, אַז ער איז ניט שולדיק. דאָס האָט זיין טאַטע שיכּורערהייט אַ שטויס

געטאָן דעם טישל מיט דער ליכט, בשעת פּרעקאָסי האָט געמאַכט זיינע לעקציעס.

ער וואוינט אין איין הויף מיט מיר, ערגעץ אויף אַ פאַרוואָרפענער סאַלקע.

אַלע וויסן ביי אונז אויפן הויף, אַז דער שמיד שלאָגט זיין קליינעם זון. מיין שוועסטער האָט אַמאָל אַליין געזען פון באַלקאָן, ווי דער שמיד האָט אַ שטויס געטאָן דעם יינגל פון אַלע טרעפּ, דערפאַר וואָס ער האָט געבעטן ביי אים געלט צום קויפן אַ לערנביכל.

דער שמיד שיכורט גאַנצע טעג, האָט פאַרוואָרפן זיין אַרבעט, און ביי פּרעקאָסין אין שטוב הונגערט מען.

וויפל מאָל קומט פּרעקאָסי אין שול אויפן ניכטערן האַרצן. גייענדיק אַהיים, גריזשעט ער אַמאָל שטילינקערהייט אַ שטיקל בולקע, דאָס האָט גאַראָנע, זיין בעסטער חבר, וועלכער נעמט זיך שטענדיק אָן פאַר אים, אָפּגעבראָכן פון פרישטיק און אַריינגעלייגט, קיינער זאָל ניט זען, פּרעקאָסין אין קעשענע. אַמאָל עסט ער אַן עפּל, וואָס אונזער לערערין

גיט אים אָפּטערס פֿאַרן אַוועקגיין אַהיים.

אָבער ווי הונגעריק ער זאָל ניט זיין, האָט נאָך קיינמאָל ניט געטראָפן ער זאָל זאָגן:—איך בין הונ־געריק, מיין טאַטע גיט מיר ניט עסן!

אַרויסגייענדיק פֿון שול, טרעפֿט, אַז ער באַ־געגנט אַמאָל זיין טאַטן.

ער איז אַזאַ בלייכער, דער שמיד, קוים וואָס ער האַלט זיך אויף די פֿיס. זיין פּנים איז פֿאַרחושכט, די האָר צעשויבערט, דאָס היטל אויפֿן קאָפּ קרום אָנגעטאָן.

דערזעט פּרעקאָסי זיין טאַטן, ווערט ער אַ צו־ציטערטער. אָבער ער וויל ניט, מיר זאָלן באַמערקן זיין שרעק, סטאַרעט ער זיך צו מאַכן אַ פֿריילאַכע מינע און לויפֿט אים אַנטקעגן. אָבער דער שמיד גייט זיך פֿאַרטראַכט, ווי ער וואָלט אים גאָרניט באַמערקט.

אָרימער פּרעקאָסי! ער פֿאַרנייט אַליין זיינע צעריסענע העפֿטן, אַנטלייט תּמיד ביכער צו אויס־לערנען די לעקציעס, פֿאַרשפּילעט מיט שפּילקעס זיינע אָפּגעריסענע בגדים.

ס'איז אַ רחמנות צו קוקן אויף אים בשעתן לימוד פון גימנאַסטיק, ווען ס'זעען זיך אַרויס זיינע צעריסע=נע שטיוול, די צעפליקטע הויזלאַך און דער צו לאַנ=גער רעקל, וועלכער דערגייט אים ביז די קני, מיט די אַרבל, פאַרקאַשערט ביז די איילנבויגנס.

פונדעסטוועגן האָט ער זיך געלערנט וויער פליי=סיק. ווען ער וואָלט געקענט אינדערהיים רואיק מאַכן די לעקציעס, וואָלט ער געווען ביי אונז איינער פון די ערשטע.

היינט איז ער געקומען אין קלאַס מיט אַ ראַק איבערן באַק. וויינען צו אים צוגעשטאַנען עטלאַכע יינגלאַך:

— דער טאַטע האָט דיך ווידער געשלאָגן, אַ? לייקן שוין ניט, בעסער גיי דערצייל עס דעם פאַר=וואַלטער, זאָל ער אים כאָטש אויסזידלען אַמאָל!

איז פרעקאָסי געוואָרן רויט, ווי צונטער, און האָט מיט אַ ציטערדיקן קול אַ געשריי געטאָן:

— ניין, אַ ליגן, אַ ליגן! מיין טאַטע שלאָגט מיך ניט, אַ ליגן...

אָבער נאָכדעם אויף דער לעקציע האָט ער זיך ניט געקענט מער איינהאַלטן, און שטילע טרערן זיינען אים גערונען פון די אויגן און געפאלן אַ טראָפּן נאָך אַ טראָפּן אויף דער באַנק.

און כדי קיינער זאָל ניט באַמערקן, האָט ער זיך נאָך געסטאַרעט צו מאַכן אַ פריילאַכן פּנים, שמייכלען, ווי ס׳וואָלט אים פריילאַך געווען אויפן האַרצן... אָרימער פּרעקאָסי!

איטלאַכן מאָנאַט גיט מען אַרויס בײַ אונז אין שול די בעסטע שילער פאַרן חודש פּרעמיעס—מעדאַלן.

היינט אויף דער לעצטער לעקציע ווינען אַריין צו אונז אין קלאַס דער פאַרוואַלטער און אַלע אונזערע לערער, כּדי צו פאַרטיילן די פּרעמיעס.

דער פאַרוואַלטער האָט געהאַלטן פאַר אונז אַ קורצע רעדע און צום סוף געגעבן די ערשטע פּרעמיע אונזער בעסטן שילער, דעם פעאיקן און פלייסיקן דעראָסי.

נאָכהער האָט זיך דער פאַרוואַלטער איינגעבויגן צו די לערער און האָט זיך גענומען מיט זיי האַלטן אַן עצה.

מיר ווינען אַלע געזעסן ווייער אָנגעשטרענגט און האָבן זיך געשושקעט צווישן זיך; ס'האָט זיך ווייער

געוואָלט וויסן, ווער האָט היינטיקן חודש פאַרדינט די צווייטע פּרעמיע.

נאָר פּלוצלונג האָט דער פאַרוואַלטער ווידער גענומען ריידן. ס׳איז געוואָרן שטיל און דער פאַר־וואַלטער האָט געזאָגט הויך:

די צווייטע פּרעמיע פאַרן פאַרגאַנגענעם חודש באַקומט דער שילער פּיעטראָ פּרעקאָסי. ער האָט עס כשר פאַרדינט מיט זיינע שטובּיקע אַרבּעטן, מיט זיינע ענטפערס אין שול, מיט זיינע שריפטלאַכע אַר־בּעטן, מיט זיין אויפפירונג — מיט איין וואָרט, מיט אַלץ!

אַלע האָבּן זיך אומגעקערט און אַ קוק געטאָן אויף דער הינטערשטער באַנק, וואו ס׳איז געזעסן דער קליינער פּרעקאָסי.

ס׳איז געווען קענטיק אויף אַלעמענס פּנימער, אַז מ׳איז זייער צופרידן מיטן באַשלוס פון די לערער.

פּרעקאָסי האָט זיך געשטעלט פון אָרט, אַזאַ צעטומלטער, ווי ער וואָלט קיינעם ניט באַמערקט אַרום זיך.

— קום אַהער, פּרעקאָסי — זאָגט דער פאַר־וואַלטער.

פרעקאָסי גייט אַרויס פון דער באַנק און דער־נעענטערט זיך שטיל צום טיש פון די לערער.

דער פאַרוואַלטער טוט פריינדלאַך און מיט רחמנות אַ קוק אויף זיין בלייכן פּנימל, אויף זיין אויסגעדאַרט קערפּערל. אָנגעטאָן אין אַן אַלטן צע־פליקטן, ווייזט אויס, אַ פרעמדן רעקל, וואָס איז אויף אים געלעגן, ווי אַ זאַק, און אויף זיינע גוטע, אומע־טיקע אויגן, אין וועלכע מ'האָט געקענט איבערלייע־נען, וויפל אים קומט אויס צו ליידן און איבערצו־טראָגן.

פרעקאָסי האָט זיך נאָך מער פאַרשעמט און האָט אַראָפּגעלאָזן די אויגן צו דרערד. אָבער דער פאַרוואַלטער האָט אים אַ גלעט געטאָן איבערן באַק, צוגעשפּילעט אים דעם מעדאַל און געזאָגט:

— פרעקאָסי, דו באַקומסט דעם מעדאַל, דו האָסט עס פאַרדינט מער, ווי אַלע אַנדערע. דאָס קומט דיר ניט נאָר פאַר דיינע פעאיקייטן און חשק צום לערנען, נאָר אויך פאַר דיין גוט־האַרץ, פאַר דיין שטאַרקן כאַראַקטער, דערפאַר וואָס דו ביסט אַ גוטער פריינדלאַכער חבר און אַן אָרנטלאַכער,

געטרייער זון. זאָגט איר אַלע—האָט ער זיך געווענדט צו אונז—איך בין גערעכט, צי ניט?

— גערעכט, אוודאי גערעכט—האָבן מיר געענט-פערט אַלע, ווי איינער.

פּרעקאָסי האָט אַ מאַך געטאָן מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט געוועלט עפּעס אַראָפּשלינגען, און האָט אונז אַרומגענומען אַלעמען מיט אַ צאַרטן, דאַנקבאַרן בליק.

— נו, מיין קינד, זאָל דיר גאָט העלפן!—האָט געענדיקט דער פאַרוואַלטער און איז צוזאַמען מיט די לערער אַרויס פון קלאַס.

מיר האָבן זיך אויך גענומען פונאַנדערגיין.

פּלוצלונג זעען מיר, ביים סאַמע אַרויסגאַנג שטייט פּרעקאָסים טאַטע, דער שמיד, אַ בלייכער, ווי גע-וויינטלאַך, מיט אַ פאַרפינסטערטן פּנים, מיט צעשוי-בערטע האָר, קוים וואָס ער האַלט זיך אויף די פיס.

דער פאַרוואַלטער האָט אים אויך באַמערקט. ער האָט גלייך אויפגעוועקט פּרעקאָסין, גענומען אים פאַר אַ האַנט און צוגעפירט צום שמיד. דאָס יינגל האָט זיך געטרייסלט, ווי פון קעלט.

אַלע לערער און מיר אויך ווינען צוגעגאַנגען נעענטער.

— דאָס ווײַט איר אָט דעם קלײנעמס פּאָטער, אַ?—האָט דער פּאַרוואַלטער געפרעגט דעם שמיד אַזוי פרײַנדלאַך, ווי זײ וואָלטן געווען שוין פון לאַנג באַפרײַנדט. אויב אַזוי, קומט אײַך אַ מזל-טוב! אײַער זון האָט באַקומען די צווײַטע פּרעמיע, ער איז דער צווײַטער צווישן ווינע אַלע פיר און פופציק חברים, דער צווײַטער אויף שרײַבן, אויף רעכענען, אויף אַלע לימודים. ער איז ווײַער אַ פעאיקער און פלײַסיקער שילער, ווײַער אַ וואױלער ײַנגל — איר וועט פון אים אַ סך נחת האָבן; און אַ האַרץ האָט ער אויך אַ זעלטענע—אַלע ליבן און שעצן אים. יאָ, איר מעגט זיך גרויסהאַלטן מיט אײַער זון — אַ וואױלער מענטש וועט ער אויסוואַקסן!

דער שמיד איז געשטאַנען מיט אַן אָפענעם מויל, ער האָט ערשטוינט געקוקט אַ בליק דאָ אויפן פּאַרוואַלטער, דאָ אויף זײַן זון, וועלכער איז געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, אַ צעציטערטער.

ס'האָט זיך געדוכט, ווי דער שמיד וואָלט זיך

מיטאַמאָל דערמאָנט און פאַרשטאַנען, וויפל צרות און ליידן ס׳איז פון אים אויסגעשטאַנען זיין קליינער, שוואַכער יינגל און מיט וואָס פאַר אַ שטילקייט און העלדישער געדולד ער האָט אַלץ איבערגעטראָגן.

אויפן שמידס פּנים האָט זיך פונאַנדערגעגאָסן אַ וואונדער און ערשטוינונג; דערנאָך אַ ביטערע חרטה. פּלוצלונג האָט ער מיט אַ האַסטיקער, ליבלאַכער צערטלאַכקייט שטייף אַרומגעכאַפּט דעם יינגל מיט די הענט און האָט אים פעסט צוגעדריקט צום האַרצן.

מיר זיינען אַלע געשטאַנען מלא שמחה.

יעדערער פון אונז האָט געציילט ווי ס׳איז אויסדריקן פּרעקאָסין זיין פריינדשאַפט—ווער ס׳האָט אים געזאָגט אַ גוט וואָרט, ווער ס׳האָט אַ גלעט געמאָן זיין מעדאַל.

איך האָב פאַרבעטן פּרעקאָסין צו אונז אין שטוב אויף דאָנערשטאָג צוזאַמען מיט גאַראָנען.

און פּרעקאָסים פאָטער, דער שמיד, האָט געקוקט אויף אונז אַלעמען מיט ליבע און פריינדשאַפט. ער האָט אַלץ שטאַרקער געדריקט צום האַרצן זיין

קליינעם יינגל און געווישט אים פון די אויגן די טרערן, וועלכע פּרעקאָסי האָט שוין דאָס מאָל ניט געסטאַרעט זיך באַהאַלטן פון קיינעם...

נעכטן אינאָוונט איז פרעקאָסי אַריין צו מיר און געבעטן, כ׳זאָל אינדערפרי קומען צו אים, אין זיין טאַטנס קוזניע.

איך בין אַוועק אַהין היינט אינדערפרי צוזאַמען מיט מיין טאַטן.

אַריינגעקומען אין קוזניע, האָב איך גלייך דער־זען פרעקאָסין, ער איז געזעסן אויף אַ קופּע ציגל און געמאַכט זיינע לעקציעס.

די קוזניע איז פול געווען מיט שטויב פון די שטיינקוילן, מיט וועלכע מ׳הייצט דעם אויוון, און אויף די ווענט זיינען געהאַנגען פאַרשיידענע האַמערס, צוואַנגען און גלאַט אַזוי שטיקער אייזן.

אין איין ווינקל האָט זיך געהייצט אַ גרויסער

אויוון, און אַ ייִנגל האָט דעם פייער פונאַנדערגעבלאָזן מיט אַ בלאָזזאַק.

דער שמיד איז געשטאַנען ביי דער קאָוואַדלע, און זיין באַהעלפער האָט אָנגעגליט אינם פייער אַ שטאַבע אייזן.

— אַ, מיין זונס חבר—האָט מיך באַגריסט דער שמיד—דו ווילסט אַוודאַי זען, ווי מע שמידט אייזן. גוט, כ'וועל דיר ווייזן.

ער האָט צו אונז פריינדלאַך געשמייכלט. זיין פּנים איז ניט געווען אַזוי פאַרפינסטערט, ווי אַמאָל, און די אויגן האָבן שוין ניט געקוקט בייז.

דער באַהעלפער האָט אים דערלאַנגט אין גרויסע צוואַנגען די שטאַבע אייזן און דער שמיד האָט עס אַוועקגעלייגט אויף דער קאָוואַדלע. דער שמיד האָט עטלאַכע מאָל אויפגעהויבן דעם גרויסן האַמער און אַראָפּגעלאָזן אויפן אָנגעגליטן אייזן, קערנדיק די שטאַבע אין אַלע זייטן.

אונטער זיינע גיכע און שטאַרקע קלעפּ איז די שטאַבע ביסלאַכווייז דין געוואָרן, ערטערווייז קיילאַכדיק, ערטערווייז אויסגעבויגן. דאָס איז אַלץ געוואָרן אַזוי פּשוט און איינפאַך, פונקט, ווי ער וואָלט גע-

קנעט מיט די הענט אַ שטיק טייג.

און דער קליינער פּרעקאָסי האָט די גאַנצע צייט געקוקט אויף מיר, ווי ער וואָלט געוואָלט זאָגן: דו זעסט, ווי מיין טאַטע שמידט!

— נו, ווי געפעלט דיר מיין אַרבעט? — האָט גע־פרעגט ביי מיר דער שמיד און אַוועקגעלייגט אויף דער קאָוואַדלע אַ נייע שטאַבע אייזן.

— פיינע אַרבעט! — האָט געזאָגט מיין פאָטער — איר האָט זיך ווידער אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט, אַ?

— יאָ, און גאָר מיט אַ פרישן חשק — האָט געענטפערט דער שמיד — איר ווייסט, וועמען איך האָב עס צו פאַרדאַנקען?

מ'ר האָבן זיך געמאַכט, ווי מיר וואָלטן ניט פאַר־שטאַנען, וואָס ער מיינט.

— אַלץ אַדאַנק אָט דעם חברה־מאַן — האָט אָנגעוויזן דער שמיד אויפן קליינעם פּרעקאָסי — אַלץ אַדאַנק אָט דעם זונדל מיינעם, וועלכער האָט זיך אַזוי גוט געלערנט און געוואָלט פאַרשאַפן נחת־רוח זיין טאַטן דעם שיכור, דעם הולטאַי, וואָס האָט אים באַהאַנדלט ווי אַ הונט. הערט איר, אַז כ'האָב דער־זען דעם מעדאַל... אַך — דו, ברעקל מיינס, ביזט דאָך

אינגאַנצן אַ נאָגל די גרייס! קום אָקאָרשט אַהער, עפּעם זע איך ניט פונווייטן דיין ליכטיק פּנימל!

פּרעקאָסי האָט אַ שפּרונג געטאָן צום טאַטן. דער שמיד האָט אים אויפגעהויבן, ווי אַ פּעדער, אַוועק־געשטעלט אויף דער קאָוואַדלע און געזאָגט:

— אַנו, רייב אַ ביסל אָפּ דעם שוואַרצן פּרצוף ביי דיין טאַטן, דעם הולטאַי!

פּרעקאָסי האָט זיך צוגעכאַפּט קושן דעם שמידס פאַרכאַזשעטן פּנים און האָט געקושט אַזוי לאַנג, ביז זיין אייגענער פּנים איז שוואַרץ געוואָרן, ווי קייל.

— אָט אַזוי ביזטו מער אַ מאַדים אַ יונג — האָט אים אויך אַ קוש געטאָן דער שמיד און אַראָפּגע־אָן אויף דר׳ערד. אַז מיר האָבן זיך געזעגנט און גענו־מען אַרויסגיין פון קוזניע, איז פּרעקאָסי צו מיר צו־געלאָפן און אַריינגערוקט מיר אין קעשענע אַ פּעקל טשעוועקלאַך.

— דאָס האָט מיין טאַטע אַליין אויסגעשמידט — האָט ער מיר אַריינגעשושקעט מיט שטאָלץ...



# צענטר. ייד. שול=ארגאניזאציע

## ווילנע.

### קינדער=ביכער:

„די פאַרכישופטע קרעטשמע“ פון דניאל טשאַרני

3 מעשהלעך „ דודל

2 „ „ טאַטאַ טשאַרני

די געשיכטע פון א. ב. „ ס. ידידאָוויטש.

וואָלפגאַנג מאָצאַרט ( זייערע קינדער-יאָרן

לודוויק בעטהאָווען ( באַאַרבעט ס. ידידאָוויטש.

„עֶר“ פון ק. טעממאַיער—יידיש י. פ.

3 מעשיות פון בוך „שול-חברים“—דאַמיטשיס—יידיש ד—ל

מאַכט זיך אַליין אַ געדרטעלע: וואָרצל, שטאַם, בלאַט,

בלום, פרוכט. פון מ. היימסאָן.

י. ל. פרץ (זיין לעבן און זיינע ווערק) פון ז. רייזען.

י. דאָברושין — לידער.

הוץ דעם געפינען זיך אויפן ביכער-לאַגער פאַרש. קינדער מעשהלעך און קינדער פיעסן פון אַנדערע פאַרלאַגן.

אַדרעס: פּאָסט-קאַסטן נומער 66.

# צע"ט ר. ייד. שול-ארגאניזאציע
## ווילנע.

**זשורנאלן** (אויסגאַבן פון דער צ. ש.-אָ., ווילנע)

„גרינ‏קע ביימעלעך“ — 2-וועכנטלעכער זשורנאַל פאַר ... יינגערע קינדער; 2-טער יאָרגאַנג.

„דער דבר“—חדשדיקער זשורנאַל פאַר עלטערע קינדער

„די נייע שול“—פעדאַגאָגישער זשורנאַל, 2-טער יאָרגאַנג

„שול און היים“—זשורנאַל פאַר עלטערן.

**לערנביכער:**

דאָס ... בעדיקע וואָרט“—כרעסטאָמאַטיע פאַרן 4-טן און ... טן לערניאָר (אויסגאַבע פון קולטור-ליגע, ווילנע).

„פיזישע געאָגראַפיע“ אין 2 טייל פאַרן 3-טן און 4-טן ...רניאָר, אויסגאַבע פון דער צ. ש.-אָ. ווילנע.

טערמינאָלאָגיע פון פיזיק
„ „ כעמיע
געאָמעטריע און טריגאָנאָמעטריע
אַריפמעטיק און אַלגעברע.

חוץ עם געפינען זיך אויפן לאַגער פאַר-שיידענע לערן-ביכער פון אַנדערע פאַרלאַגן.

אדרעס: פּאָסט-קאַסטן נומער 66.